Sh. B. (Shim‘on Bekerman)
Hadasah di halutse : a dramme in 4 aktin
Odessa, 1884.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1871.7

**Sh. B. (Shim'on Bekerman)**
Hadasah di halutse : a dramme in 4 aktin : ferfast oyf dem art fon Shomer
Odessa: Y. Unterhendler, 1884.
Varying form of title: Di khlutsa, t.e. osvibozhdennaia ot devernago braka.
112 p. ; 22 cm.

1. Yiddish drama.
I. Shomer, 1849-1905. II. Ukraine-Odesa

ID: NXYH01-B3271 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106043

Reduction ratio X 10.0

# הדסה

## דיא חלוצה

### א דראמטע אין 4 אקטין

פארפאכט אויף דעם ארט פאן שמר

פערפאסער שמעון בעקערמאנן

**אדעססא**

דען 15 מארץ 1884 יאהר ,

נאך דרוק שטרענקס פאר באטען .

דרוק בייא י. אונטערהענדלער, ווארשא סט. יארסקיע 24 №

## ДИ ХЛУЦА

т. е.

О СВИБОЖДЕННАЯ ОТЪ ДЕВЕРНАГО БРАКА

ВАРШАВА

1884.

# הָדַסָה

## דִיא חֲלוּצָה

אַ דְרַאמְמֶע אִין 4 אַקְטִין

פארפאסט אויף דעם אָרט פאָן שמר

פֶּערְפַאסֶער שִׁמְעוֹן בֶּעקֶערְמַאנן

אדעססא

דען 15 מאָרץ 1884 יאָהר ,

נאָך דרוק שטרענקס פאַר באָטען .

דרוק בייא י. אונטערהענדלער, ווארשא סט. יאָרסקיע № 24



ДИ ХЛУЦА́

т. е.

О СВИБОЖДЕННАЯ ОТЪ ДЕВЕРНАГО БРАКА

ВАРШАВА

1884.

# פערזאנען.

1) **ר' שמואל זרח פיינהאלץ**, איין אלט מאדישער ייד, חסידיש געקליידעט, נאר
מיט קארצע פאות'ן, אלט 50 יאהר. האלט אפאדוואל מיט בראנפען.

2) **פראדיל**, זיין צווייטע פרוי, אלט 35 יאהר, יודעש געקליידעט
זייער שלעכט אין כאראקטער, האט קיין קינדער
מיט איר מאנן:

3) **מאיר**, זיין עלטערע זאהן פון ערשטען ווייב. א דאקטער,
האט געענדעגט זיין סטודיום ווערענט ער וואר אפ
גינעבין אין סלוזשבע אלס פראסטער זעלנער שוין 10 יאהר איז ער פון
פאטירס הויז ערוויימערט אונ מעלדעט זיך ניט וויא ער איז. ער דינט
יעצט אין ביאלאסטאק אלס דאקטאר דער מעדעצין אין פאלק ער איז
אלט 30 יאהר האט ניט קיין פרוי.

4) **יאזעף פיינהאלץ**, זיין מיטעלער זאהן, אלט 25 יאהר,
א איידעל מאנן, א יאהר הערשט נאך
זיין חתונה, האט נאך קיין געשעפט, נאר פליצלונג ווערד ער קויפמאן
אונ רייזט אב נאך ביאלאסטאק נאך סחורה:

5) **הדסה**, זיין פרוי. אלט 22 יאהר, א איידעל קינד מיט אגוטען
כאראקטער. איז עלענד אהנע עלטערין, אונד אהנע
פריינד.

6) **יאנקיל**, יאזעפס אדינער, אנראבער יונג, מיט אפערדארבע-
נעם כאראקטער, האט זייער ליב געלד, אונד איז
אגרויסער היטריק, אלט 20 יאהר.

7) **מרכה**, הדסה'ס דינסט, איונג מיידכען, איז זייער טריא
ערגעבין איהרע ווירטין.





Дозволено Цензурою
Кіевъ, 3 Марта 1894 года.

Тип. О. Филиповича въ Варшавѣ.

8) **בארים וואלדמאן**, יאזעפס קאמפאניאן, אלט יאזעפס יאהרען געהט סאווערעמנע געקליידעט

וויא יאזעף האט נאך קיין פרוי. ניט לאנג האט ער געהערט פון זיינע עלטערין אגרויס פארמעגין, ער האט געליבט הדסהן ווען זיא וואר נאך פריילין אונד ליבט זיא אויך אצונד נאר זיא האט אים קיין מאהל געליבט, ער איז אבלוטיגער פיינד יאזעפין ווייל ער האט זיינע געליבטע פאר אפרוי, דאך ווייסט ער וויא צוא בעהאלטין דיא שנאה ביי זיך, אונ ווייזט זיך פאר אים וויא אפריינד זיינער, ער האט געזוכט פלעניר וויא אזוי יאזעפין צוא בעגראבין אונ האט ענדליך דעם פלאן געפונען פאר גוט: דאס ער זאל מיט אים ווערין אקאמפא-ניאן, מיט אים אפ רייזען נאך ביאלאסטאק סחורה קויפין אונ אויפין וועג אים הארגענין:

9) **דוד וועלוויל**, שמואל זרח מזיניק, אלט 18 יאהר אגרויסער שוטה, לאזט זיך אויף אלעם אן רעדין פון זיין שטיף מוטער, געקליידעט איז ער חסידעש:

10) **א זעלניר**, א דינטשיק, ביי א דאקטאר אין ביאלאסטאק:

דיא געשיכטע געשיהעט אין בריסק אין אונזערי ציטען.



# ערשטער אקט.

ביא דיזען אקט שפילען אלע פערזאנען זייערי ראליען, אויסער דעם דאקטאר מיט זיין דענטשיק.

דער אקט געשיהעט אין יאזעפס וואוינונג, ביי מארגענטהעס.





# סצענע

---

אגרויסער זאל, רייך פארפוצט, מעבעל נאך דער נייער מאדע אין דער מיט אנלאווגע טיר צום פובליקום, אין דער זייט לינקס אנייטין טיר, געגען פובליקום שטייט אגרויסער רונדער טיש, אויף אים אפארנאס, אונ דרויף אגלאז טהעע, נעבין טיש שטייען דריא שטולען, צוויא שטייען איינער נעבין אנדערין אונ דער דריטער אויף גאנץ ווייט אפ גערוקט צום לינקס. דיא ערשטי שטוהל פון דיא צווייא איז ליידיג, אונ אויף דער צווייטער זיצט הדסה, אן געצויגען אין מארגען קליידער, דעם קאפ שיין פערפוצט, מיט איין האנד איז זיא אונטער געשפארט אויף דער פארענציע פון שטול, אונ דיא צווייטע האנט האלט זיא אויף דעם ברעג פון טיש, אלס דער פארהאנג הייבט זיך אויף, זיצט זיא אפאר מינוטען פערטראכט אונ קוקט פאנטאזעש):



## ערשטער אויפטריט

### הדסה זעלבסט

הדסה (רעדט געלאסען) מערקווערדיג איז דער מענטש מיט זיינעם נאטאר, קיין מאהל בענוגט ער זיך ניט מיט זיינעם שיקזאל. ער איז שטענדיג אונצופרידען, אונ שטענדיג געפינד ער אז עס פעהלט אים עפיס, איך זעה דאס פון זיך: דאכט מיר איך בין גליקליך, האב אויף מיינעם שיקזאל גאר ניט שוין צוא בעקלאגין זיך: איך האב געהייראטעט אונ געטראפען אמאנן נאך מיינעם ווינטש: מיט איין איידלען כאראקטער מיט א ריינעם געוויסען אונ מיט א פול הארץ פון ליבע צוא מיר, אונ דאס טרעפט דאך זעלטין: דען ביי מאנכע פרויען פאסירט דאס איידער זייא קומען צוא א זעלבען טייערען שאץ שטייען זייא גענוג אוים פון ליבעס אינטריגעס, בראטין זיך גענוג אנטגעגען דעם פלאם פון ליבע איידער זייא קומען צוא איר, אונ איך גאטלויב האב דער פון ניט געוויסט, דען באלד וויא איך האב מיך מיט מיין יאזעפין דער קאנט איז ביי אונז געשעהן תנאים, אונ איין קורצע צייט א חתונה, נוא דארף נאך אגרעסער גליק זיין ביי דיא ליעבענדע? (פויזע. זיא נעמט אראפ דיא האנד פון טיש), נאר אזוי

וויא אין דעם שענסטין זומער טאג, ווען דער הימעל איז לויטער, אונ דיא זוננע שיינט אין איר שטארקייט, דאך טרעפט אז אקליינער וואלקען וויא א מענשליכע האנד לויפט דורך אונ פערטונקעלט דאס גאנצע שיין אויף א קליינע ווייל, זא עבען פערטונקעלט א קליינער אומטיטהיגער געדאנק מיין גליקליכען לעבין. אונ דאס איז: אז שוין א יאהר נאך אונזער הייראט איז. אונ מיין יאזעף האט נאך קיין גישעפט פערפירט אום צו פערזארגען אונזער צוקונפט. אונ מיר לעבען דער ווייל פון גרייטין קאפיטאל. (פויזע. זיא נעמט א ראפ דיא האנד פאן וועלכען איר הויפט איז אונטער געשפארט. בלייבט זיצען גלייך) נאר אך! וואס פאר א נארישקייט איך האב דא אויס גירעדט! וויא דום איך בין! איך בעקלאג מיך גאר דרויף וואס מיר מוזין לעבין פון גרייטין קאפיטאל! נוא וואס זאל שוין נעבך זאגין יענע אונגליקליכע וועלכע האבין קיין גרייטין קאפיטאל אויך ניט? (פויזע) יא יעצט זעה איך וויא ריכטיג ער איז דער משל פון א אלטין חכם וועלכער האט פערגליכענט דעם מענשינס נאטור צו איין דארשטיגען וועלכער שטייט נעבען א געזאלצענים טייך אונ טרינקט אירע וואסער. וואס מער ער טרינקט. איז ער מער דארשטיג. אונ טרינקט יעדאך ווייטער מיט דעם האפענונג צו אן טרינקען זיך; אונ אזוי איז דעם מענשינס נאטור: דער מענש שטרעהמט אין זיין גאנצען לעבין נאך גליק, וויא פיהל ער פארמאגט, וויא פיהל זיין שיקזאל גיבט אים קאנן ער ניט זאט ווערין, וואס מער ער פערמאגט נאך מעהר פעהלט אים: (מלכה קומט אריין דורך דער זייטין טיר געקליידעט מיט א ווייסען פארטוך איבער דעם האלדז) :

## צווייטער אויפטריט

### מלכה, אונד דיא פאריגע פרוי

**מלכה**, (לאזט זיך צוא געהן צום טיש, נאר אלס זיא דער זעהט דעם גלאז טהעע וויל זיא אפ טרעטין צו ריק) :

**הדסה**, וואס איז מלכה? האסט מיר עפים צוא זאגין?

**מלכה**, איך האב גימיינט אז איר האט שוין אפ געטרונקען, האב איך געוואלט אייך נאך א גלאז טהעע אריין ברענגין:

**הדסה**, דו קאנסט די גלאז אויך צו נעמין איך וויל ניט מער טרינקען-

מלכה



**מלכה**, (נעמט אוועק דיא גלאז, לאזט זיך געהן צו דער זייטין טיר).

**הדסה**, (קוקט זיך אים צוא דער גלאזונער טיר, נאך דעם באלד צו מלכהן) ווער גייט דאס ארום אין פארצימער?

**מלכה**, (בלייבט שטיין מיט איר פנים צוא איר): דאס איז דער הערר אריין געקומען, זייא מיען זיך אויס אין פאר צימער. (אב דורכין זייטין טיער).

**הדסה**, (שטעלט זיך אויף) אזוי געך זאל יאזעף קומען פון בירזע? איז עפים נייעס! (יאזעף אריסטאקראטיש געקליידעט מיט א שלאפע אויף דעם קאפף קומט אריין דורך דער גלאזונער טיער, אויף זיין געזיכט איז פריידען צייכענס) :

## דריטער אויפטריט

### יאזעף אונד הדסה.

**הדסה**, (לויפט אים ענטגעגין) עפים זייער גיך ביזט דו מיר געקומען מיין טייערער; דאס איז א סימן אז דוא האסט מיר נייעס געבראכט, ניכט וואהר יאזעף? (קוקט אים ליב האפטיג אין די אויגען):

**יאזעף**, (נעמט איר געארעמט, גייט מיט איר צום טיש) יא ליבע הדסה, איך האב דיר זייער א פריילעכען נייעם מיט צוא טהיילען (זעצט זיך אויף דיא ערשטי צווייא שטולען, הדסה קומט אויס רעכט צוא אים) היינטע אין מארגענס האט מיר איינער זייער א וואלען פלאן פארגעגעבען פון וואנען אונזער לעבענס מיטעל צוא ציהען: איך זאל ווערין א סוחר פון געוואנט.

**הדסה**, דוא ביסט דאך אבער אין דעם מסחר ניט געניט?

**יאזעף**, דריבער נעהם איך צוא א זעלכין פאר א שותף וואס ער איז גוט בעקאנט אין דעם מסחר, ער האט זיין אייגענס א רוביל פינף טויזענט קאפיטאל.

**הדסה**, איז מיר ווידער א חידוש, אז ער איז יא דער מבין אונ מיט א גרויסען קאפיטאל נאך וואס באדארף ער דיך מיט דיינע טויזענט רוביל פאר א שותף?

**יאזעף**, א גרויס גישעפט פאדערט אימער א העררר מיט א ווירטהען אדער צווייא בעלי בתים, איינער פארט נאך סחורה פירט דער אנדערע דיא קראם, אונ אזוי וויא ער איז א חאלאסטוי זיכט ער

דער

דער פאר אשותפת צוא זיך אונ ווייל מען האט מיך אפ געלויבט פאר אים אלם ארענטליכען מאנן נעהמט ער מיך דער פאר צוא מיט מיין קליינעם קאפיטאל אלם גלייכער שותף צו דעם געשעפט. מיר האבין זיך שוין אפילו צוא שריבען בייא דעם נאטאריוס אונ נאך היינט רייזען מיר אפ קיין ביאלאסטאק און דארטין איין קויפין דיא סחורה.

**חדסה,** (הייבט זיך אויף פון ארט האסטיג) גאטט! וואס הער איך? נאך היינט פארסט דוא אוועק?

**יאזעף,** (זעצט זיא צו ריק, שמייכעלט) יא עס איז אזוי געבליבען אז מיר זאלין נאך היינט אונזער רייזע מאכין, נאר וואס האסט דוא זיך אזוי דערשראקען? איך פאר דאך ניט אויף לאנג אוועק, העכסטענס א מאנהייט, אונ דאגען האסט דו מיך שוין צו ריק געבין דיר.

**הדסה,** (קוקט מיט מיטליידענדע בליקען צוא אים). פאלג מיך מיין ליבער ניט פאר! וועסט דוא זעהן אז גאט וועט דיר דא אויך באשערען דיין פרנסה.

**יאזעף,** (גיבט א מאך מיט ביידע הענד). זעהסט דאך אליין אז אגאנץ יאהר גע איך ארום אונ זוך מיר דא עפים אגישעפט צוא מאכען אונ עס איז ניט דא! מיט דעם מסחר בין איך ניט געניט, צוא יענעם פעלט מיר געלד, אונ אזוי קלערענדיג לויפט אפ א חודש אונ נאך א חודש אונ וואס וועט זיין דער סוף? איך וועל מיך ארום דרייען אזוי לאנג ביז דיא טויזענד רובעל וועלין שוין אויך ניט סטאיען נוא וואס וועל איך ווייטער טאהן? אן קומען צום טאטין אונ צוא דער גוטער שטיף מוטער נאך אנדער געלד ווינש איך מיר דאס אוודאי ניט.

**הדסה** (נעמט זיין רעכטי האנד) ווייסט דוא וואס מיין מאנן? זאל דיין שותף אליין רייזען אונ דיא בלייב נעבין מיר.

**יאזעף** (מאכט לויז זיין האנד פון איהרע, שמייכעלט) איך האב ניט געגלויבט אויף דיר הדסה אז דוא זאלסט אוים רעדען אזייא נארישקייט! נאך אמהל: איך זאל נעמין א מענשין (ציינגט מיט איין פינגער אויף זיין הארץ) וואס איך קאן אים הערשט פון היינט אן אונ אויף אים געטרויען אונזער לעצט ביסעל קאפיטאל?

**הדסה** (פארשעהמט) אך יא, איך האב זייער ניט קלוג גירעדט, נאר דאס האט מיר אבער פערשאפט דיא ליבע אונ דיא טרייהייט צוא דיר מיין יאזעף! (נעמט זיין האנד קוועטשט זי) א איך ליב דיר! ביזט מיין איינציגער פריינד אויף דער וועלט, אונ ווען דוא פארסט

אוועק



אוועק בלייב איך עלענד, צוא דיינע עלטערען קאן איך ניט געהן, דארך דיין שטיף מוטער, זיא שיינט מיר שרעקליך אוים. איך שפיר וויא איהרע בליקען וואס זיא גיבט אויף מיר זענען שארפער וויא שפיציגע שפיזען, איהרע זענעפטע רייד זענען מיט גיפט פערמישט, קיין בעקאנטע אויסער זייא האב איך ניט, איך בין עלענד אהן דיר וויא א שטיין, אין דיר אבער געפין איך אללעס וואס מיר ליב איז, דוא ביסט מיר געמאהל פאטער אונד בעסטער פריינד, בעדענקע זיך יאזעף אז דוא רייזט אפ פון מיר בייא וואס וועל איך בלייבען? (לאזט אפ זיין האנד ווישט זיך מיט א שנופטיך איהרע אויגען):

**יאזעף** (נעמט איהרע האנד) איך דאנק דיר הדסה פאר דיין טרייהייט צוא מיר, גלויב מיר אז וויא שווער עס איז דיר צוא בלייבען אפ געשייד פון מיר, אזוי עבען איז פאר מיר שווער מיט דיר זיך צוא שיידען, נאר וואס זאלין מיר טאהן? קיין אנדער פלאן אויף ניט צוא פארין האב איך ניט, אפ לאזין דאס גישעפט מוט מיר זייער באנק, דען אויף דעם קאן דאך אונזער גאנצער צוקונפט זיין גישטעלט. אלזא מוזען מיר דרויף זיך סאגלאסען. אונזער שיקזאל וויל האבין אז מיר זאלין ווערין אפ געשייד איינס פון דעם אנדערען אויף א מאנהייט צייט (לאזט אפ איהרע האנד).

**הדסה** (קוקט צוא אים טרויעריג) אבער אים ווייננעכטען ציהע אויף נאך אפאר טעג צוא הויזע, ווארום ביסטו אזוי איילינג מיט דער רייזע?

**יאזעף** (לייגט זיין האנד אויף זיין הארץ) איך קאן ניט הדסה, עהרען ווארט אז נאר היינט מוז איך פארין. מיין שותף צווינגט מיך דער צוא (נעהמט איהרע האנד) אלזא

הדסה פערצייע מיר ווען איך קאן דיין לעצטע ביטע אויך ניט ערפילען.

**הדסה,** וואס פאר א שרעקליכער מאנן דיין שותף דארף זיין אז ער שפירט ניט דיא לידין פון א פאמיליען שיידונג. זאג מיר זיין נאמין פיליבט קען איך אים.

**יאזעף,** ער הייסט באריס האלדמאן...

**הדסה,** (שלעפט ארוים האסטיג איר האנד וועלבע ער האט געהאלטין שרייעט אוים:) באריס?

**יאזעף,** (מערקט ניט איר צערשטריידונג) יא באריס הייסט ער.

**הדסה,** (האסטיג) בארים וואלדמאן?

**יאזעף** (קוקט איר צערשטריידונג) יא אזוי הייסט ער, נאר וואס ביסטו אזוי צוא שראקין? קענסט אים דען פאר א שלעכטין מאנן?

**הדסה,** (נאך א קורצע פויזע) ניין! ער איז מיר צוואר נור פון ווייטין בעקאנט, דאך שיינט ער מיר פאר א שרעקליכען מאנן צוא זיין... איך בעט דיך יאזעף מאך מיט אים קיין שותפות ניט, דאס הארץ דערלאזט מיר ניט אז דוא זאלכט אים האבין פאר א שותף!..

**יאזעף,** עס געבין זיך אוים פיל מענשין וואס פון ווייטין שיינען זייא פאר ביסטרע אונ שלעכטי מענשין צו זיין, אינ דאך אז מען ווערד מיט זייא בעקאנט פון דער נאהענט ערקונדעט מען זיך אז זייא זענען גאנץ גוטע מענשין. איך פערהאף דאס זעלבע פון דיר צו הערין אז דוא וועסט מיט אים אין דער נאהענט בעקאנט ווערין. ער וועט באלד קומען צוא אונז.

**הדסה,** דאס הארץ דערלאזט מיר אבער ניט אז דוא זאלסט מיט אים שותפת ווערין!

**יאזעף,** אויף אונזערי הערצער קענען מיר גאר ניט שטעלין. ניט מיר ווייסין וואס זייא מיינען מיט זייער פליצליכען קלאפין אין אונז. אונ ניט זייא ווייסין וואס מיט אונז קען אין דער צוקונפט געשעהען. (יאנקעל געקליידעט אין א פארוסינענים אנצוג מיט גרויסע שטיוועל אונ מיט א קארטיז, קומט אריין דורך דער גלאוונער טיר).

## פירטער אויפטריט

### יאנקיל אונד דיא פאריגע.

**יאנקעל** (שטייט נעבין דער טיר) בעל הבית! א מענש פרעגט זיך צו אייך, זאל איך אים אהער שיקען?

**יאזעף** (שטייט אויף) הא דער איז אוודאי מיין שותף, איך געה צו אים (יאנקעל געהט אב, נאך אים יאזעף).

## פינפטער אויפטריט

### הדסה זעלבסט.

**הדסה,** (לייגט צוא זאמין דיא הענד) בארים וואלדמאן ווערד מיט מיין מאנן שותפת! (דיא הענד געגין הערצין, קוקט ארויף)

נאמט

נאמט! וויא איך שרעק מיך פאר אים! דאס איז דאך דער בארים וואס האט מיך געליבט נאך פריער וויא איך האב מיין יאזעפין ערקאנט! דאס איז דער בארים וואס האט מיר צוא געזאגט גאלדענע בערג. איך זאל מיט אים הייראטען אונ איך האב אים ענטזאגט ווייל איך האב אים ניט געליבט. ווארום? ווייס איך זעלבסט ניט נור מיט געוואלד קאן מען דאך א ליבע ניט אריין געבין אין הערצין, אונ ער איז פון מיר אוועק דעמאלט אין גרעסטין צארין אונ ווער ווייסט פילייכט האט ער נאך ביז יעצט זיין צארין אויף מיר ניט געשטילט? ווער קאן מיר זאגין אז מיט זיין יעצטיגען שותפת וואס ער האט פאר גילייגט מיין מאנן מיינט ער ניט זיין בייזע ראכע אויף אונז אוים צו פירען? (בלייבט פערטראכט) דיא גלאוונע טיר עפינט זיך עם קומען אריין יאזעף מיט בארים'ען געארעמט, דער צווייטער געהט מיט א לאנגען ראק, שווארצע לאנגע האר א קורץ שווארץ בערדיל מיט לאנגע וואנסין אויף דעם קאפף א צילענדער הוט.

## זעכסטער אויפטריט

### יאזעף, בארים אונד דיא פאריגע פרוי.

**יאזעף,** (צוא בארים'ען צוא גייענדיג מיט אים צום טיש), איך האבע דיא עהרע הערר וואלדמאן פאר אינען פאר צוא שטעלין מיינע פרוי ווירטהען, (ער מאכט אים לויז פון זיינע ארמע).

**בארים** (לעגט זיין שלאפע אויפין טיש) דאנקע שעהן, (נייגט זיך העפליך פאר הדסה'ן, רייכט איר זיין האנד) אייערע בעקאנדשאפט מאדאמע איזט מיר זייער אנגענעהם.

**הדסה** (גיבט אים דיא האנד, ווערד רויט) אונ מיך פריידעט אייערע בעקאנדשאפט צוא פערדינען (לאזט אראפ דיא אויגען).

**יאזעף** (צוא בארים'ן) זיצט הערר וואלדמאן!

**בארים,** אבער לאנג דא זיצען זאלט איר מיר ניט לאזין. ווארין דער פאיעזד געהט באלד אוועק, איר זענט שוין פערטיג צום פארין הערר פיינהאלץ?

**יאזעף,** יא באלד, איך געה מיר נור אן טהון אונ הייסין מיין דינער ער זאל מיר איין פאקעווען מיינע זאכין אין טשעמאדאן (לאזט זיך געהן צום גלאוונים טיר).

הדסה

**הדסה** (שטייט אויף) ווארט אויס יאזעף וועל איך הייסן דיא דינסט זאל דיר אן גרייטן שפייז אויף דעם וועג (ביידע גייהען אב).

# זיבענטער אויפטריט

## באריס זעלבסט.

**באריס** (שטעלט זיך נעבין טיש מיטען פנים צום פובליקום, דיא הענד אין דיא קעשענים פון זיין ראק) וויא גליקליך דאס פאר פאלק לעבין זיך, טאקי נור וויא א פאר טויבען! אונ איך? א איך אונגליקליכער קערפער דאס זעהענדיג! מיין הערץ ווערד אין מיר אויף שטיקער צוריסען קוקענדיג וויא דיא שיינע געטטין, דיא ליעבע הדסה אין וועלכע איך בין אזוי שטארק פערליבט געפינט זיך יעצט אין אפרעמדינם מאכט שוין מער וויא א יאהר! (פויזע. שפאנט איבער דער סצענע, בלייבט אין מיטן שטיין) יא א יאהר שוין אז א פרעמדיר בעזיצט מיין געליבטע! אבער ניט מער! נאך היינטיגען מאנהייט זאל זיא גיהערין צוא מיר! יאזעף זאל ווערין ערמארדעט, אונ הדסה זאל בלייבען מיינע! דער פלאן אויף אים צוא טיידטין איז ביי מיר שוין דא מיר פעהלט ניט מעהר וויא איין מיט שפילער דער צו (בלייבט פערטראכט) מיר שיינט אז דער משרת זיינער ן אלט מיר געקאנט דינגען פאר אגוטן געהילפער צוא מיין פלאן, מען דארף זיך נאר מיט אים דורך רעדין אונ זעהן וואס פאר אמענטש ער איז (שפאצירט ווייטער. יאנקיל קומט אריין דורכין גלאוונים טיר.

# אכטער אויפטריט

## יאנקיל אונד דער פאריגער פערזאן.

**יאנקיל** (בלייבט שטיין אויף דער שוועל פון טיר) דער בעל הבית האט געזאגט אפשר איז אייך דא סקוטשנע אליין צוא זיצען זאלט איר ארויס גיין אין פאר צימער צו אים.

**באריס**, גראדע פערקערט, מיר איז דא גאנץ היימליך (בלייבט שטיין קעגין אים).

**יאנקיל** (קערט זיך אום מיטין פנים צו דער טיר וויל אוועק גייך.

**באריס** זייא זשע מוחל יונגער מאן!





**יאנקעל** (קערט זיך שנעל אום צוא אים) הא! איר רופט מיך?

**באריס** יא איך וויל דיר עפיס פרעגן, קום צוא נעהנטער.

**יאנקיל** (גייט צו אים צוא).

**באריס** (נעמט אים ביא איין האנד, גייט מיט אים צו צום טיש, לאזט אים שטיין מיטין פנים צום פובליקום אונ אליין שטעלט ער זיך קעגין אים האלב זייטיג, זיין געזיכט קומט אויס צום לינקס):

**באריס** וויא אזוי הייסט דו יונגער מאנן?

**יאנקיל.** איך הייס יאנקיל, נאר אקעגין וואס פרעגט איר דאס ליבער הערר?

**באריס** (קוקט אויף אים איינינע סעקונדען) אונ וואס ביזט דו דא אין הויז אמשרת?

**יאנקיל** וואס דען זאל איך דא זיין אז ניט קיין משרת?

**באריס** אונ וואס האסט דו פון דער שטעלע?

**יאנקיל** (גיבט א מאך מיט איין האנד) ווייס איך. פרעגט שוין גאר ניט.

**באריס** שוין לאנג אז דו דינסט דא?

**יאנקיל** ביא דעם בעל הבית פאטער האב איך געדינט צוויא יאהר אונ דער נאך אז מיין בעל הבית האט חתונה גיהאט האט ער מיך צוא זיך גנומען, אונ עס איז שוין א יאהר אז איך דיהן ביא אים.

**באריס** איז דיר גוט צוא דינען?

**יאנקיל** א ברירה האב איך? איך מוז דאס אן נעמין פאר גוט! וואס דען קאן איך טאן? א מלאכה קאן איך ניט, גילערינט בין איך ניט, געלד האב איך אויך ניט. איך בין טאקע ניט קיין קראנקער יונג. אונ קיין נאר אויך ניט, נאר צוא דיא אלע מעלות אז עס פעהלט דאס ביסעלי געלד ווייסט איר דאך וואל אז דער מענטש האט קיין שום ווערטה ניט!

**באריס** אזעלכי ריידעס הערט מען נאר פון טויגעניכטסען, בלוזניקעס, אונ באנקקוועטשערס וועלכע זיצען אויף דעם אויבען אונ וואַרטין אז גאט זאל זייא פון הימעל אראפ ווארפין אבייטעל מיט געלד, מיט דעם האפענונג ווערין זייא גרא אונ אלט, אונ מיט דעם האפענונג שטארבין זייא. אבער אמענטש מיט פאר שטאנד ער ווארפט זיך אויף אלע זייטען אז ער זאל זיך ערווערבין אקאפיטאל, אונ וויא אזוי מיינסט

דו עֶרְוֶוערְבְּט עֶר ? אֶפְשַׁר דוּרְךְ שְׁוָוער אַרְבֵּייטִין צוּא דוּרְךְ עֶרְלִיכֶען הַאנְדִיל ? נֵיין ! גְרַאדֶע פֶּערְקֶערְט, עֶר הָארִיוֶועט קֵיין מָאהְל נִיט וָוארִין גִיט דוּרְךְ הָארָאוַואנְיֶע דֶער וֶוערְבְּט מֶען זִיךְ הַיינְטִיגֶע צַייטִין אַקַאפִּיטַאל, אָט נֶעהְם דֶעם בַּיישְׁפִּיל פוּן אַ מְלָאכָה, עֶר הָארִיוֶועט בִּיז אִין טוֹידְט אוּנ שְׁטַארְבְּט אִין פְרֶעמְדֶע תַּכְרִיכִים, וֶוער זֶשֶׁע דֶען הָאט הַיינְטִיגֶע צַייטִין גֶעלְד ? דֶער לִינְגֶער, דֶער בֶּעטְרִיגֶער, אוּנ דֶער פַאלְשֶׁער מֶענְטְשׁ ! צוּם בַּיישְׁפִּיל ; אִיךְ טוּא אָפּ אַפֶּערְבָּאטֶענִי זַאךְ אוּנ שִׁיק דִיר דוּא זָאלְסְט גֵיין צוּא דֶעם אוּנ דֶעם מֶענְטְשִׁין אוּנ אִים אִיבֶּער גֶעבִּין פֶּערְקֶערְט וִויא דִיא זַאךְ אִיז פוּן מִיר גֶעשֶׁעהְן, הֵייסְט דו אַלִינְגֶער אוּנ דֶער פַאר הָאסְטוּ פוּן מִיר גֶעלְט, נָאךְ אַ בֵּיישְׁפִּיל: אִיךְ רֶעד דִיר אָן אַז דוּא זָאלְסְט זַיין דַיין בַּעַל הַבַּיִת אִין הַארְצִין פַאלְשׁ, נוּר מִיט דֶער צוּנְג זָאלְסְט דוּא אִים וַוייזִין אַז דוּא בִּיזְט אִים טְרַייא, הֵייסְטוּ אַ בֶּעטְרִיגֶער אָדֶער פַאלְשֶׁער מֶענְשׁ אוּנ דֶער פַאר גֶעבּ אִיךְ דִיר גֶעלְד, אוּנ נָאךְ טוֹיזֶענְדֶער פְרִימֶערִין אַזֶעלְכֶע אִיז פֶערְהַאנְן וָואס נוּר אוֹיף אַ זֶעלְכֶע אַרְטִין וֶוערִין מֶענְשִׁין לַייט, וָואס דֶען ? אַזוֹי אִיז אַ תַּכְלִית ? וִוילְסְט זַיין אָרֶענְטְלִיךְ ? נוּא וָואס וֶועסְטוּ הָאבִּין פוּן דֶעם ? גוּט אִיז נָאר בִּיז וַואנִין דוּא בִּיזְט גֶעזוּנְד פֶערְדִינְסְטוּ דִיר דַיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט

אָבֶּער מַאקִי נִיט מֶער ! יַאנְקֶעל, טַאקֶע נִיט מֶער.

**בָּארִים** אוּנ אַז דוּא וֶועסְט וֶוערִין קְרַאנְק, וֶועט דִיר דַיין בַּעַל הַבַּיִת נִיט וֶועלִין הַאלְטִין בַּייא זִיךְ, דֶען צוּא וָואס טוֹיג אִים אַ קְרַאנְקִין מְשָׁרֵת ? אוֹיף כַּפָּרוֹת ! וֶועט עֶר דִיךְ אַרוֹיס שְׁטוּפֶּען, וִויא זֶשֶׁע קֶענְסְטוּ דַאמָאלְס גֶעהְן ? נוּר אִין הֶקְדֵּשׁ ! נוּא פְרֶעג אִיךְ דִיךְ ; אִיז אַ שְׁלֶעכְטֶער תַּכְלִית ?... אוּנ אַזוֹי גֶעהְט דָאךְ אוֹיס פוּן אַלֶע מֶענְשִׁין וָואס ווִילֶען אָפּ לֶעבִּין אָרֶענְטְלִיךְ דִיא וֶועלְט; לַייהְט אֵיינֶער בַּייא יֶענֶעם גֶעלְט אוּנ צֶאהְלְט אִים אָפּ אָרֶענְטְלִיךְ מִיטִין פְּרָאצֶענְט וָואס זֶשֶׁע וֶוערְד דֶער סוֹף ? דֶער בְּלַייבְּט אַ קַבְּצָן, אוּנ יֶענֶער וִויל אִים מֶער נִיט גֶעטְרוֹיעֶן. וַויל אֵיינֶער מַאכִין גוּטֶע אַנְשְׁטַאלְטִין אִין שְׁטָאט, מַאכִין אַנְדֶערֶע אוֹיף אִים אַ בִּלְבּוּל אוּנ עֶר גֶעהְט אַוֶועק קַאבַּארְזְשְׁנֶע ; וַויל אֵיינֶער אוֹיף וַוייזִין וִויא צִין אָבְּשְׁצֶעסְטְוֶוע פִירֶען דִיא בִּיכֶער פַאלְשׁ, מַאכִין זַייא אוֹיף אִים אַ מְסִירָה אוּנ עֶר גֶעהְט אַוֶועק נָאךְ סִימְבִּיר, קוּרְץ גִירֶעדְט דָאס וֶוערְטִיל גֶעהְט; דִיא וֶועלְט אִיז פַאלְשׁ, אוּנ דְרוּם מוּזִין מִיר מֶענְשִׁין אוּנְזֶערִין עֶקְסִיסְטֶענְץ זוּכֶען נוּר דוּרְךְ פַאלְשֶׁע קְוֶועלֶען, וֶוער אָבֶּער עֶס אִיז אַ שְׁלִימְמַזָלְנִיק דֶער

שטארבט



שְׁטַארְבְּט אַ קַבְּצָן ! (שְׁטֶעלְט אַ שְׁטִיל נֶעבִּין יַאנְקְלִין אוּנ זֶעצְט זִיךְ אוֹיף אִיר).

**יַאנְקִיל,** אַךְ מַיין הֶערְר, אִיר רֶעדְט טַאקִי וָואס אֶמֶת אִיז, נוּר וֵוייסְט אִיר דֶען נִיט אַז צוּא אַזֶעלְכֶע זַאכִין בַּארְף מֶען אוֹיךְ הָאבִּין מַזָל ?

**בָּארִים** (שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיף) דוּא רֶעדְסְט שׁוֹין ווִידֶער ווִיא אַ כְּלוֹיזְנִיק ! וָואס פַאר אַ וָוארְט מַזָל ? וֶוער גְלוֹיבְּט אִין דֶעם ? דֶער מוּזְשִׁיק בַּייא דִיא קְרִיסְטֶען, אוּנ דֶער שְׁלִימְמַזָלְנִיק בַּייא אוּנְז יוּדֶען, אַ מֶענְשׁ מִיט פֶער שְׁטַאנְד אָבֶּער עֶר טֶעלְט קֵיין מָאהְל נִיט דְרוֹיף, עֶר חַאפְּט זִיךְ צוּא אַלֶעם וָואס אִים קוּמְט אִין הַאנְד אוּנ אַרְבֵּייט אִין דֶעם מִיט עֶנֶערְגִיֶע אַבִּי צוּא פֶערְדִינֶען גֶעלְד, הַיינְט אִיז עֶר אַ גַנָב, מָארְגִין אַ גַזְלָן, אִיבֶּער מָארְגִין אַ רוֹצֵחַ, אוּנ שְׁפֶּעטִיר אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת אוּנ אַזוֹי וַוייטֶער !

**יַאנְקִיל** (קְלֶערְט אַ קְלֵיינֶע וַוייל, רוּקְט זִיךְ אָפּ פוּן בָּארִיסִין, מַאכְט אַ מִינֶע וִויא עֶר וִויל צוּ אִים עֶפִּיס רֶעדִין נוּר עֶר שֶׁעהְמְט זִיךְ, אָדֶער עֶר הָאט מוֹרָא דִיא זַאךְ וָואס עֶר דֶענְקְט אִים אוֹיס צוּא זָאגִין, עֶר רוּקְט זִיךְ צוּא אִים צוּא אוּנ וִויל שׁוֹין רֶעדִין, נוּר בַּאלְד טְרֶעט עֶר נָאכְמַאלְס אָפּ פוּן אִים, אַזוֹי טְהוּט עֶר 3 מָאהְל).

**בָּארִים** (אַלְס עֶר זֶעהְט וִויא יַאנְקִיל שְׁוַוייגְט זֶעצְט עֶר זִיךְ אוֹיף זַיין שְׁטִיל).

**יַאנְקִיל** (שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגִין אִים) הֶערְט מַיין הֶערְר, אִיךְ פַארְשְׁטֶעה נָאךְ אַייעֶרֶע רֵייד אַז אִיר זֶענְט נִיט פוּן דִיא לַמֶד וָאו צַדִיקִים, אוּנ מִסְתָּמָא זֶענְט אִיר אַ בַּעַל סוֹד אוֹיךְ, דְרוּם וִויל אִיךְ פַאר אַייךְ זִיךְ מוֹדֶה זַיין אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעפְּרִיוּוט אַ גַנָב אוֹיךְ צוּא זַיין מֶען הָאט מִיךְ אָבֶּער גֶעחַאפְּט, הָאט מֶען מִיר אַזוֹי צוּא שְׁלָאגִין דִיא זַייטִין אַז אִיךְ הָאבּ מִיר שׁוֹין פֶערְשְׁוואוירֶען אוֹיף אֵייבִּיג אַז אִיךְ זָאל מֶער קֵיין גַנָב נִיט זַיין !

**בָּארִים,** דָאס אִיז דֶער פַאר וָואס דוּא פֶערְשְׁטֶעהְסְט נִיט דִיא וֶועלְט, דְרוּם הָאט מֶען דִיךְ גֶעחַאפְּט אוּנ גוּט אָן גֶעקְלַאפְּט, הַיינְטִיגֶע צַייטִין בְּרִידֶער לֶעבִּין זַייגֶען דִיא גְרֶעסְטֶע טְהֵייל מֶענְשִׁין גַנָבִים אוּנ אַלֶע וַוייסֶען פוּן דֶעם אוּנ דָאךְ טְהוּט מֶען זַייא גָאר נִיט, פֶערְקֶערְט, מֶען הַאלְט זַייא נָאךְ בְּכָבוֹד אוּנ מֶען גֶעטְרוֹיעֶט זַייא גֶעלְד, צוּם בַּיישְׁפִּיל: אֵיינֶער נֶעהְמְט בַּיים צְוֵוייטִין סְחוֹרָה אוֹיף קְרֶעדִיט, עֶר הַאנְדֶעלְט

מיט

מיט אים א קארצע צייט אונ פליצלונג בלייבט ער שטיין אונ וויל אים קיין געלד ניט צאהלין רופט אים דיא וועלט אן זעצער, ווייסטו פאר וואס? ווייל ער הארגעט אמענשין אהן א זעטץ.. אדער אנדערש גירעדט: ער קוילט יענעם אהן א מעסער, נוא הייסט ער דען ניט איינגענטליך ראזבוינעק? נור דאך געטרויעט אים יעניר ווייטער סחורה, אונ בייא דער וועלט הייסט ער טאקי אלס סוחר! נאך א ביישפיל: איינער פאר זעצט ביים צווייטין צירונג, ברעכט ער אליין אויף דעם קאסטין אין וועלכין דאס צירונג יענעמס איז געלעגין, אונ גנבית דאס ארויס, נאכדעם מאכט ער א גיוואלד אז מען האט אים בעגנבית! נוא הייסט ער ניט קיין גנב? אונ דאך קלאפט אים קיינער ניט אן דיא זייטען! נור ניט אצונד איז דיא צייט צוא שטודירען מיט דיר, איך האב מיט דיר צוא רעדין וועגין א נייטהייגערין אינטערעס, (ער שטעלט זיך אויף) דיא ווילסט זיך אונטער נעהמין צוא זיין א מיט שפילער צוא א רציחה?

יאנקיל, מיט וועהמין איז?

באריס, מיט מיר אליין!

יאנקיל, וואס וועט איר מיר געבין דען?

באריס, וועגין געלד דארפין מיר אצונד גאר ניט רעדין ווארין דיא צייט איז קורץ, איך האב מיט דיר נייטהיגערס צו רעדין.

יאנקיל, גיין גיין! וויא באלד אז איך וויים ניט מיט וויפיל איר וועט מיך בעלוינען, קען איך זיך גאר ניט אונטער נעהמין איך זאל אין דער זאך צו העלפין.

באריס, ביזט א קינד צוא דען גלויבסטע אז איך וועל דיין ארבייט אומזיסט פערלאנגען? קענסט זיין גאנץ זיכער אז קיין משרת מער וועסטו שוין ניט דארפין זיין, נור פון דעם וועלין מיר נאך צייט האבין געניג צוא רעדין, דערווייל הער אוים וואס דוא דארפסט דאס נייטהיג וויסען, איך פאר דאך היינט מיט דיין הערר אוועק אבער ניט נאך סחורה קויפען וויא ער מיינט, נור איך זאל אים הארגענין אויפין וועגין.

יאנקיל, פאר וואס ווילט איר אים הארגענין?

באריס, איך וועל דיר איין אנדערס מאהל זאגין, דער ווייל הער אוים דאס דאזיגע. וועל איך אים בעטין אז ער זאל דיך אויך

מיט



מיט נעהמען אויף דער רייזע, כדי אז ווען איך וועל אים טיידטין זאלסטו באלד אהיים קומען אונ אן זאגין זיין ווייב אז גזלנים האבין אים געהארגעט נור דוא דארפסט אבער וויסען מיט וואס פאר א מינע דאס אן צו זאגין אז קיינער זאל ניט פערשטיין אז מיר האבין אין דעם א טהייל.

יאנקיל, דאס דארפט איר מיר שוין ניט לערנען, דער צו בין איך א גוטער ארטיסט, איך קאן מיר אפ שפילען אזא ראליע אזוי ערינסט אונ מיט אזוי פיל געוויין אז איטליכער זאל מיינען אז דאס איז טאקי אזוי געשייהען וויא איך דער צייל.

באריס, אזוי מיין איך טאקי. אלזא בין איך שוין מיט דיר פארטיג?

יאנקיל, ביז איך וועל ניט וויסען וויפיל געלד איר גיבט מיר, זיינען מיר נאך ניט אין גאנצין פארטיג.

באריס, איך האב דאך דיר שוין פריער געזאגט אז איך וועל דיר ניט אביזשאיען! (ער קוקט צום גלאוונים טיר) שא! מיר דוכט אז זייא גייהען שוין! טרעט אפ פון מיר!

יאנקיל (רוקט זיך אפ פון באריסען צום זייטין טיר).

באריס (בלייבט שטיין מיטין פנים צום גלאוונים טיר, פון וועלכען עס קומען ארויין פריער יאזעף אונ דער נאך הדסה, דער ערשטיר איז געקליידעט אין אלאנגין ראק אויף געשפילעט, עס זעהט זיך ארוים אסאקוואיאזש, אונ דיא צווייטע איז אן געצויגען אין דיא פארינע קליידער)

## ניינטער אויפטריט

### יאזעף מיט הדסה אונד דיא פאריגע.

באריס (לויפט יאזעפין א קעגין) נוא, זיינען זיא שוין פערטיג הערר פיינהאלץ?

הדסה (אלם יאזעף ענפערט באריסען זעצט זיא זיך אויף איר פארינען ארט).

יאזעף, יא איך בין שוין פערטיג דער משרת דארף מיר נור איין פאקעווען מיינע זאכין (ער קוקט צו יאנקלין) וואס שטייסטו נאר ליידיג יאנקעל? זעהסט דאך אז איך האב קיין צייט ניט, גייא אריין אין קארצימער אונ פאקעווע איין אין טשאמאדאן אלע זאכין

מײנע װאס איך האב דארט אן געגרײט !

**יאנקיל** (קוקט אויף באריסין, דער נאך געהט ער לאנגזאם צום גלאװני מיר).

**יאזעף** (זעצט זיך נעבין הדסהן).

**באריס** (זעצט זיך) הערט איר הערר פײנהאלץ, איך װאלט אײך געראטען אז מיר זאלין מיט נעהמין אײער דינער אויף אונזער רײזע, װארין אונטער װעגינס איז זײער גוט אז מען האט א אײגענים דינער. פערשפארט מען זיך צו שאפין מיט פרעמדי, אונ פאר יעדער שליחות זײא צאהלין.

**יאזעף** (מיט פערלעגענהײט) װײס איך ? מיר דוכט אז ער װעט אונז גאנץ איבריג זײן (צו הדסהן) װיא זאגסטו הדסה ?

**הדסה,** איך בין אויך בײא דעם מײנונג.

**באריס,** נישט קשה, נעמט אים מיט, װאס קאנין מיר צו אים דער לעגין ? רײזע קאסטין װעט זײן אויף האלב בײא אונז, אונ װײטער װעט ער דאך אונז דיא קעפ ניט אפ עסין, אויף זײן ברויט װעט ער פארדינען בײא אונז.

**יאנקיל** (געהט צו צוא יאזעפין, מיט א אונטער געלעגטין שמײכיל) יא יא בעל הביתיניו נעמט מיר אויך מיט, איך בין נאך אויף מײן לעבין ניט געפארין אויף דעם באהן אט װעל איך מיר אביסעל דורך קאטײהען, אונ איר װעט זעהן אז איך װעל אײך צוא נוטץ קומען אויפן װעג, איך זאל אזוי לעבין אז איך װעל אײך צוא נוטץ קומען !...

**יאזעף,** דער װײל מאך נור פארטיג מײן רײזע פעקיל, דער נאך װעלין מיר שוין זעהן.

**יאנקיל,** אבער, װעל איך מיר קאטײהען אויפין באהן ?

**יאזעף** (שמײכילט, קוקט צו הדסהן װיא זיא זיצט פערזארגט) װעסט זיך קאטײהען.

**יאנקיל** (לויפט לוסטיג צום גלאװנים מיר) אדאנק אײך מײן בעל הביתיניו ! (אב).

---



# צעהנטער אויפטריט

## דיא פארינגע אהן יאנקלין.

**יאזעף** (צו הדסהן) װאס זיצטו אזוי פערטראכט מײנע טהײערי הדסה ?

**הדסה** (קוקט מיט רחמנות אויף יאזעפין) פאר װאס זאל איך ניט זײן פערטראכט אז הײנטיגען מארגען האט מיר גאטט צו געשיקט פיל פון װאס צו טראכטין ! איך שטעל מיר פאר אז מיט א האלבע שעה שפעטער װעסטו שוין נעבין מיר ניט זײן, דער לאקאמאטיף װעט מיט דיר שנעלל פון דאנין אב לויפען, װעט דיך אויף גאנץ װײט פערטראגין פון מיר, א, װען ער זאל דיך אויך איבער טראגין איבער אלע געפעהרליכע װעגין װעלכע שטײהען דעם מענשין אין װעג צום געפאהר, װאלט איך דאן פיל רוהיגער זײן, נור װער קאן דאס מיר צו זאגין ? (קוקט צו באריסין).

**באריס** (מיט פערדראס) איך קאן דאס אײך זאגין מאדאמע אז אײערי שרעק זינד גאר אומזיסטיגע, דער רײזענדער האט הײנט קײן שום סכנה פאר זיך, דען הײנט איז ניט װיא א מאהל מען זאל דארפין בלאנדזין דורך װעלדיר אונ דורך פוסטע װעגין װיא עס האלטין זיך אויף מערדיר, הײנט האבין מענשין ערפונדען א באהן װאס דורך אים איז שוין יעדיר רײזענדער פערזיכערט מיט זײן לעבין אין װעג פאר אלע געפארין אונ דרום האט איר ניט װאס זיך צוא שרעקין :

**הדסה,** פערצײען זיא הערר װאלדמאנן זיא פערשטײען מיך ניט, איך רעד ניט פון זעלכע מערדער װאס דיא װעלט װײסט פון זײערי רציחות, נײן ! פאר אזעלכי שרעק איך מיך גאר װײניג, װײל זײא זענען ניט אלע מאהל אין שטאנד צוא צשטערען דעם מענשינס פריד, דען ניט אויף תמיד עקסעסטירט זײער מערדערײא, עס איז פאר האנדען א פראװאסודיע װאס לאקערט אויף זײא. זײא פאלין דאך ענדליך אריין אין זײערע הענד אונ זײא משפטין זײא נאך דעם אמתין זאקאן, נאר איך רײד פון דיא פאלשע מענשין, אט פאר זײא דארף מען זיך היטען װארין דאס פאלשקײט עקסעסטירט עװיג, זיא פאר קלײדעט זיך אין א פרומען נארוזשנאסט אונ אינערליך װערד אויס געדײנקט דיא גרעסטי רציחות אויף אום שולדיגע מענשין, אונ לײדער קאן דאס קײנער ניט באמערקין, אונ אזעלכי מענשין געפינען מיר הײנטיגע צײטען זײער פיהל, אט פאר זײא שרעק איך מיך !

אונ

אונ דרום מיין טייערער יאזעף דוא פארסט אין א פרעמדער שטאט
וואס דארטין וועסט דוא הייסען א עלענדער, למען השם זאלסט זיך
היטען פאר אזעלכי מענשין, אז איינער וועט מיט דיר וועלין מאכין
א בעקאנדשאפט זאלסט דוא ניט קוקען אויף זיין פרומען נארוזשנאסט
פריער זאלסט דוא אוים פארשטין דיא אינערליכע פון זיין הערץ, אונ
אויב דוא באמערקסט אז דרינען ליגט א פערבעהאלטענע שנאה צוא
דיר, אנטלויף פאר אים יאזעף וויא מען אנטלויפט פאר גיפט פון
א שלאנג! ווייך פון זיינע טריט וויא מען ווייכט פון א פעסט! אונ
דאמאלס וועט ער דיר קיין מאהל קיין שלעכטעס ניט קענען טהון!

**יאזעף** (קושט אירע האנד) א דאנק דיר מיינע טרייע פרוי פאר דיין לעהרע!

**באריס** (שטייט אויף פון ארט בעוויזט אין דער זייט פעדראסענדע גרימאסין מאכט א וועק מיט איין האנד וויא דיא זאך געפעלט אים ניט, שפאצירט אום אין א זייט אהין אונ צוריק).

דוד וועלוויל קומט אריין דורכין גלאוונים טיר תמידיש געקליידעט.

## עלפטער אויפטריט

### דוד וועלוויל אונד דיא פאריגע.

**דוד וועלוויל** (בלייבט שטיין נעבין דער טיר, רייבט זיך דיא אויגען מיט איין האנד אונד חליפעט).

**הדסה** (אלס זיא דער זעהט אים) א א גאסט! יאזעף זעה נור ווער עס איז געקומען?

**יאזעף** (אלס ער קוקט זיך אום) דוד וועלוויל?.. וואס טהוסטו דא? קום נור אהער!

**הדסה** (רופט אים מיט איין האנד) קום אהער דוד וועלוויל, וואס ביזטו אזוי פערוויינט?

**דוד וועלוויל** (גייהענד לאנגזאם צום טיש) דיא מומע האט מיר ניט געוואלט געבין קיין איבער ביסין, זיא זאגט אז איך האב א נעזונדטען ברודער. זאל איך צו אים געהן עסין! (וויינט).

**הדסה** (ווישט אים אפ דיא טרערין) נוא דער פאר דארפסטו וויינען נאריש קינד!





**דוד וועלוויל** (קוקט אויף איר, שרייט אוים מיט כעס) אזוי? איך בין אבער הונגעריג!..

**הדסה**, נוא וועסט דוא דא עסין, וואס איז דא פאר א אונגליק? (צוא יאזעפין) גיב אים יאזעף עטליכע קאפיקעס, לאז ער דער ווייל זיך עפים קויפען אויף איבער ביסין ביז דער מיטטאג וועט פארטיג ווערין, א רחמנות נעביך וואס דאס קינד שטייט אוים פון זיין שטיף מוטטער: שלאגט אים, הארגעט אים, גיבט אים קיין עסין ניט אונ זיא בעריהמט זיך נאך אז זיא איז א פרומע יודענע, זיא גיבט צדקה!..

**דוד וועלוויל** (שטעלט זיך איר אנטגעגין) זאלט איר טאקי וויסען שוועגערין אז זיא גיט צדקה! איך האב אליין געזעהען, איך זאל אזוי זעהן משיח'ן פאר זיך!..

**יאזעף** (געבט אים געלד) שטיל נאר מען פרעגט בייא דיר ניט, נא דיר געלד, קויף זיך עסין אונ שיק אהער דעם טאטין!

**דוד וועלוויל** (נעמט צוא דאס געלד, ווערד פרעהליך) אוי טאקי א וואוילער ברודער! וואס זאל איך מיר קויפען? בייגעל צוא קיכלעך?..

**יאזעף** (קוקט צו באריסען וויא ער שפאצירט) קויף זיך וואס דוא ווילסט אבי דוא זאלסט ניט הונגעריג זיין.

**הדסה**, וואס טויג דיר דיא קיכלעך? קויף זיך בעסיר ברויט מיט פוטער!

**דוד וועלוויל**, אזוי? פוטער האב איך אבער פיינט! איך וועל מיר קויפען בעסיר הערינג, יא שוועגערין?

**יאזעף** (קוקט צוא אים טערפליווע) זאל שוין זיין הערינג. נור געה אויף גיך אונ שיק אהער דעם טאטין!

**דוד וועלוויל** (לאזט זיך געהן צום גלאוונע טיר, בלייבט אין מיטין שטיין) אונ דיא מומע זאל איך טאקי אויך שיקען?

**יאזעף**, וועסט איר זאגין, אונ אז זיא וועט וועלין וועט זיא קומען ווען ניט קען מען זיך אהן איר אויך באגעהן.

**דוד וועלוויל** (געהט אב).

**הדסה** (שטייט באלד אויף, שרייט אים נאך) דוד וועלוועלע! דוד וועלוועלע!..

**יאזעף**, נוא וואס נאך דארפסטו אים?

הדסה (צוא גייהענדיג צום גלאזני טיר) איך וועל אים אן זאגין עד זאל ניט פאר געסין צום מיטטאג צוא קומען · (אב)

## צוועלפטער אויפטריט

### דיא פאריגע אהן דוד וועלוועלין מיט הדסה.

בארים, (זעצט זיך אויף זיין ערשטין ארט) דאס איז אייער ברודער דא גיוועזין הערר פיינהאלץ?

יאזעף, (רוקט צוא זיין שטיל נעבין אים) יא מיינער א ברודער א גאטס רחמנות וואס ער ליידעט געביך פון דער שטיף מוטער ווען איר זאלט זיא אן קוקען הערר וואלדמאן אויף דעם וואלט איר געזאגט אז זיא ווייזט אוים צו זיין איין פרומע יודענע. מיין פאטער האט איר גענומען פאר א יחסנטע, זיא איז א רבנס א טאכטער מען האט זיא געלויבט פאר אים אז זיא איז א גרויסע צדקניות, און אין אמתין רעדט זיא דאך שטענדיג נור מיט גאטט, זאלט איר אבער הערין וואס זיא האט אויף געטהון מיט מיין עלטערין ברודער, וואלט איר געזאגט אז זיא דארף זיין א מערדערס א טאכטער, נישט קיין רבנס!

בארים, אזעלכע מעשיות ליב איך שטענדיג צו הערין, דערציילט;

יאזעף, איך האב גיהערט פון איינעם זייער א גלייכין טייטש ווארט ער האט געטייטשט, איזהו מקומן של זבחים? איז וויא? אין קדשי קדשים! דארטין וויא מען שמועלט זיך פאר פאר גאנץ הייליג, אט דארטין איז דאס ארט פון שחיטה, און אזוי איז מיט מיין שטיף מוטער, זיא האט אן געצויגען אויף זיך א פרומע אונד א הייליגע מאסקע, און שעכט אונז שטיף קינדער וויא ווייט זיא קען, איך האב געהאט א עלטערין ברודער פון זיך, ער האט געהייסין מאיר, ער וואר עלטער פון מיר מיט פינף יאהר, ער וואר א אידיל קינד מיט א פארלאנט, וואר פעהיג צום בילדונג, מיין פאטער האט דאס אים אבער ניט ערלויבט, האט ער דרום בשתיקה געלערענט, ער האט געהאט איניגע בעקאנטע סטודענטין וואס זיי פלעגין אים געבין אונטעריכטען אין דעם בילדונג, און אזוי איז פאר איבער געגאנגען פינף יאהר און האט זיך בשתיקה אזוי ווייט דערלערינט אז אים איז מער ניט געבליבען וויא צוא ענדיגען איין קורס אין מעדיצינישע פאקולטעט און ווערין דאקטאר, נאר אז דיא שלאנג איז אריין געקומען צווא אונז אין שטוב

וועגען



וועגען מיר איר באלד גרויס געווארין אין דיא אויגען, האט זיא אן געהויבען זוכען מיטלען וויא אזוי אונז צוא פאטערין פון שטוב איינציג ווייס, צום ערשטין האט זיא זיך גענומען צוא מיין עלטערין ברודער, זיא האט אים נאך געשפירט אלע מארגען וויא אהין ער געהט, און האט דערשפירט אז ער געהט ניט וויא ער זאגט אין דער היים, אין ישיבה לערנין נאר צוא א קריסטליכען סטודענט און דארטין לערינט ער אין דיא טריפה פסלין, זיא האט זיך גאר דער פרייט אויף דער כשרה מציאה, איז זיא באלד געלאפין צום פאטער און דאס אים דער ציילט, מיין פאטער האט דאס תחילת ניט געוואלט גלויבען, איז ער אליין אהין געגאנגין און געטראפין וויא מאיר איז גיזעסין מיט דעם סטודענט צו זאמין און געלעזין א בוך· מיין פאטער אלס אלט מאדישער יוד מיט א הייסען פאנאטיזם איז גאר האלב מענש געווארין, דאס דער זעהענדיג, אים האט זיך געדוכט אז דער קריסט רעדט אים דער ביא אן ווען ער קוקט מיט אים אריין אין בוך אז ער זאל זיך טויפען, און מאיר ענפערט אים אז ער איז שוין סאגלאסנע! אט וויא ווייט דער פאנאטיזם קען פערפירען דעם גראדין פערשטאנד פון מענשין! דער פאטער האט אים גוט דורך געפאטשט און דער ביא אים אויך גוט אוים געמוסערט און אים אהיים גענומען· פון דעמאלס אן איז שוין דער ברודער מיינער פון שטוב ניט ארוים געגאנגין, און דאס האט דיא שטיף מוטער זייער גיקרענקט ווארין זיא האט דאך געוואלט אין גאנצין אים פטור ווערין, האט זיא אויף געטאהן גאר א נייעם פלאן, זיא האט אריין געלייגט אין דיא שבתדיגע הויזען פון מיין ברודער א פעקיל טאבאק מיט שוועבליך און שבת אין דער פריא ווען מיין ברודער האט זייא געוואלט נעמין אן טאהן, האט זיא אריין גערופען דעם פאטער און אים געוויזען וויא עס ליגען אין דיא הויזען קעשענע דאס פעקיל טאבאק מיט דיא סירניקליך, מיין פאטער האט זיך אזש ביים קאפף גערייסען, ער האט גירעכינט וויא ניט אנדערש אז ער רויכערט פאפירדאסין אום שבת און דריבער איז שוין אויף אים צוא גלייבען אז ער וועט זיך אין געכע צייטין טויפען, און כדי אים ניט דער לאזין צוא דעם, האט ער גיבעטין קהל אז זייא זאלין אים אפ געבין פאר א סאלדאט. קהל וואלט אייגענטליך פון אונז קיין מאהל ניט גענומען רעקרוטען, ווייל זייא האבין פערשוינט מיין פאטער דען זייא פלעגין זיך אפט זעהן מיט א קערביל פון אים, נאר יעצט אז ער

בעט

בעט זיך אליין ביא זיא, האבין זיא מיין ברודער מיט פריידען אויף געהאפט, עס וואר דאמאלס גראדע דיא צייט פון רעקרוטסקע נאבאר האבין זיא אים באלד אפ גינגעבין, אונ מיט א גאנצע פארטיע רעקרו־טען האט מען אים ארויס געשיקט פון אונזער שטאדט, נאר וויהין? ווייסין מיר קיינער ניט! אונ אזוי איז שוין 10 יאהר אוועק אונ פון דעם ארימען מאיר האבין מיר קיין שום נאכריכט ניט ער האלטין, דאס איז דיא ערשטע פארפלוכטע פרוכט פון דער שטיף מוטער, נאכהער האט זיא זיך גענומען צוא מיר, האט מיך אויך געוואלט פטרין פון טאטינס הויז, נאר עס איז איר ניט מער געראטין, זיא פלעגט מיר אויך נאך שפירען מיינע טריט, אבער זיא האט גאר ניט דערשפירט, איך האב געוויסט וויא אזוי פון איר זיך צוא היטען, אונ האב זיך צוא ביסלעך געבילדעט נאר אויף בשתיקה, נאר אז איך האב חתונה געהאט אונ בין געבליבען מיט מיין פרוי אויף קעסט ביא מיין פאטיר האט דאס זיא זייער געקרענקט, האט זיא זיך אן געהויבען צוא קריגען מיט מיין פרוי אונ פירען רכילות פון איר צום פאטיר, דאס האב איך שוין ניט געקאנט פארטראגין, האב איך שוין געמוזט אפ טרעטין מיט מיין פרוי אהער. יעצט רוהט זיא נאך ניט, אונ וויל נאך דעם איינציגען ברודער מיינעם אויך פאטערין פון שטוב! אט וויא עס גיט זיך אויס אויף דער וועלט א מענש מיט א טיראניש הערץ אונ מיט א פרומען נאריזשנאסט! אויף מיין הדסה׳ס רייד! (פון דער גלאווניר טיר קומט אריין שמואל זרח, נאך אים פראדיל, דער ערשטיר געהט יודעש געקליידעט, האלט איין האנד אין בוזים פון דער קאפאטע, דיא צווייטע געהט פערפוצט וויא א פוילעש ווייביל מיט א זיידין טיכל. אויף דעם קאפ אונ פון אויבען א שאל):

## דרייצעהנטער אויפטריט

### שמואל זרח מיט זיין פרוי אונד דיא פאריגע.

**יאזעף** (אלס ער זעהט דעם פאטיר אריין קומען לויפט ער אים אקעגין):

**פראדיל** (בלייבט שטיין אינטער איר מאנן):

**בארים** רוקט זיך אפ אן א זייט מיט זיין שטיל, טהוט אן זייט חוט. בלייבט זיצען א פוס איבער א פוס אונ קוקט אויף דיא פערזאנען).





**יאזעף** (גיבט דעם פאטער דיא האנד) גוטען מארגין פאטער! זייא מיר מוחל וואס איך האב דיך מטריח געוועזן צוא מיר, מיר האט זיך געמאכט א פליצליכע רייזע אונ דארף שוין א וועק פארין, האב איך קיין צייט ניט גיקענט אפ שפארין אז איך זאל מיך מיט דיר געהן געזעגנען.

**פראדיל** (רוקט זיך ארויס פון אינטער איר מאנן, ווארפט אראפ דעם שאל פון קאפ אויף דיא אקסלען, שטעלט זיך געגין יאזעפין) נוא אונ מיר א גוטען מארגען ווילסט דוא שוין גאר ניט זאגין יוספיל?

**יאזעף** (מיט א פאלשין שמייכיל) הא? איר זיינט אויך דא? א גוטין מארגען מומעניו! פערצייהט, איך האב איך ניט בעמערקט!..

**פראדיל** (אונמוטהיג) אוודאי ווען איך זאל זיין דיין מוטער וואלסטו מיך באלד דערזעהן אונ קוים היים איך שטיף מוטער ווילסטו זיך גאר ניט אום קוקען אויף מיר! חאטש גאטט ווייס דעם אמת אז איך בין דיר טרייער וויא א אייגענע מוטטער! נור גם זו לטובה! א מענש דארף פאר אלס־דינג דאנקין (קוקט ארויף) דעם וואס איך האב דיא הענד ניט געוואשין!

**שמואל זרח** (צו יאזעפין, וועהרענד ער געהט מיט אים צו, צום טיש) וויא אהין זשי פארסטו מיין קינד?

**יאזעף**, איך האב געמאכט מיט דעם הערין שותפת (צייגט אן אויף בארים) פארין מיר קיין ביאלאסטאק נאך געוואנד קויפען.

**שמואל זרח** (בלייבט מיט אים שטיין נעבין טיש) נוא זאל גאטט געבין אין א גוטער שעה (רייכט אים דיא האנד) פאר געזונטער הייט מיין קינד, גאטט זאל דיר שיקין זיין מלאך אויף דעם וועג, ער זאל דיך אהין פירען אונ צוריק ברענגין בשלום א היים.

**יאזעף** (נעהמט אים ארום קושט אים) בלייב געזונד פאטערשי, מיט געזונד זאלין מיר זיך טרעפין צוריק.

**שמואל זרח** (קושט אים אויך) אמן! וכן יהי רצון! (ער זעצט זיך אויף א שטיל) יאזעף (גיבט פראדלען דיא האנד) בלייבט געזונד מומע! איך וועט דאך מסתמא אויך פרייהען מיך זעהען צוריק קומען בשלום?..

**פראדיל** (מיט חניפה) סטאטש סטאטש! דארפסט נאך פרעגין? איך וועל דאך פשוט טאנצין פאר שמחה!..

**יאזעף**, איך דאנק אייך מומעניו פאר אייער גוט הארץ, איך וויל אייך בעטין א קליינינקייט (געהט מיט איר צום טיש) איך פאר דאך א וועק, אונ הדסה איז דאך א עלענדע, האט ניט קיין עלטערין קיין פריינד, דרום זייט איר דער פריינד אירער, קוממ אפט צו איר געוואר ווערין! (הדסה קוממ אויף דיא לעצטע רייד זיינע אריין דורכין גלאזענע טיר, בלייבט שטיין אין דער זייט רעכטס, העכסט אונמוטהיג).

## פירצעהנטער אויפטריט

### הדסה אונד דיא פאריגע.

**פראדיל** (צוא יאזעפין) סטאטש סטאטש! דוא דארפסט מיר נאך בעטין? איך האב דאס דיר שוין אליין געוואלט זאגין! וויא איז זיא ערגין? (זיא גיבט זיך א געשווינדען דרעה אום אויף אלע פיר זייטין אונ ער זעהט הדסהן זיא לויפט צוא איר צוא).

**פראדיל** (גלעט הדסהן ביים קאפ) הערסטו הדסהלי אז יוספיל וועט אוועק פארין זאלסטו זיך גאר ניט זארגין, איך וועל צו דיר קומען אלע טאג געוואר ווערין, דוא וועסט צו מיר אויך געהן אז דוא וועסט וועלין, וועסט ביא מיר לעזין דעם מנורת המאור אונ דעם צאנה וראנה אונ נאך אנדערי ספרים אבי דוא זאלסט ניט אונמיטהיג זיין, יא הדסהלי?

**הדסה** (האלט אראפ געלאזין דיא אויגען, שווייגט).

**פראדיל** (געהט פון איר וועק, צו יאזעפין) וואס איז זיא גאר ברוגז יוסף? האסט זיך חלילה געקריגט מיט איר?

**יאזעף**, בעהיטע גאטט, מיר ווייסין דער פון ניט! (ער וויל געהן, הדסה לויפט אים א געגין):

**הדסה** (צוא יאזעפין) א מיין טהייעריר יאזעף! דוא פארסט שוין אוועק!

**יאזעף**, יא מיינע טהייערסטי איך פאר שוין, נון זאג מיר וועסטו בלייבען רוהיג ביא מיין אפ רייזין פון דיר?

**הדסה**, איך זאג דיר דאס צו, אבער מיט דעם בעדינג אז דוא זאלסט מיר אלע וואך בריעף שרייבין!

**יאזעף**, יעדער וואך זאלסטו פון מיר בריעף האבין.





**פראדיל** (זעצט זיך נעבין מאנן) נוא אונ מיר יוספיל וועסטו קיין בריעף ניט שרייבען גאר?

**יאזעף** (ענפערט איר ניט, רעדט צו הדסהן) וועסטו מיר בעלייטין אדער מיר וועלין זיך דא שיידין?

**הדסה**, אך דאס ווארט שיידין ברענגט מיך אין שוידער! איך וועל דיך ליבערסט בעלייטין צום וואגזאל, ווארט נור א פאר מינוט נאך, איך וועל מיר געהן אן טהון. (וויל געהן, בלייבט שטיין ווען בארים הייבט אן רעדין):

**בארים** (אויף שטייהענד פון ארט, קוקט אויף זיין זייגער רעדט מיט פער בעהאלטענים צארין) אך יאזעף! נור פינף מינוטין בלייבט אונז שוין צום אפ רייזען! אום גאטעס ווילין לאמיר שוין געהן צום וואגזאל! ווארין מיר וועלין פארשפעטיגען דעם פאיעזד!

**יאזעף** (צו הדסהן, געהט צו איר צו) העדר וואלדמאן האט רעכט! פערצייהט ליבע הדסה, איך קאן מער קיין צייט ניט זוימען, מיר מוזין זיך דא געזעגינען!

**פראדיל** (שטעלט זיך אויף) נישט קשה הדסה, איך וועל אים גאהן בעלייטין! (צום מאנן) אונ דוא אויך שמואל זרח?

**שמואל זרח** (שטעלט זיך אויף) שטאטש וויא דען? איך בין דאך דרויף א הער געקומען!

**יאזעף** (רייכט הדסהן זיין האנט, זיא חאפט זיא מיט היץ, לעגט זיא צו, צו אירען הערצין).

**בארים** (קוקט פון זייטין אויף דעם, בעווייזט אין דער זייט צארענד, גרימאסין).

**הדסה** (לאזט אפ דיא האנד, חאפט יאזעפין ארום, ביידע צו קושען זיך נאכהער טרעט יעדעדיר פון זייא אפ אויף א פאר שפאן, רייכין זיך איינער דעם אנדערין דיא הענד).

**הדסה** (נייגט זיך צו אים, שרייט אויס) פאר געזונד מיין טהייעריר! פאר געזונד מיין אללער ליעבענדער!

**יאזעף** (נייגט זיך אויך) בלייב געזונד טהייערסטע מיינע, אדיע!

**הדסה**, צום ווידער זעהן!

**יאזעף**, געבע גאטט! (לאזין זיך אפ דיא הענד).

**בארים** (געהט צו, צו הדסהן, גיבט איר זיין האנד) אדיע! בלייבט

געזונד! הדסה, פארט געזונדער הייט! (בארים געהט אב דורכ'ן גלאווגים טיר. נאך אים: יאזעף, שמואל זרח אונד פראדיל).

## פינפצעהנטער אויפטריט

### הדסה זעלבסט.

**הדסה** (אלס אלע זענען וועק געגאנגען, שטייט זיא א פאר זעקונדען אונ קוקט צו דער טיר, נאכהער זעצט זיא זיך אויף א שטוהל וועלכע שטייט געגען פובליקום, קוקט זיך אום אויף אלע פיר זייטין פון שטוב מיט העכסט אונמוטהיגע בליקען).

**הדסה** (נאך א לאנגע פויזע) אללע זענען א וועק געגאנגען, נור איך בין געבליבען! (פויזע) גאטט! וויא שרעקליך מיינע גלידער שוידערין! וויא האסטיג מיין הערץ אין מיר קלאפט! (לעגט דיא האנד צום הערצין) אך הערץ מיינס! ווארום קלאפסטו אזוי שטארק?.. ווער האט דען דיר געשטערט דיין רוה?.. בארים?!.. א ער איז שרעקליך קאלט! ער שפירט ניט דיא ליידין פון פאמיליען שיידונג! זאגאר מיין לעצטין פערגעניגען האט ער פון מיר גערויבט! האט ניט געלאזין מיך מיין יאזעפין בעלייטין! (פויזע) נור ניין! דאס וועל איך אים ניט נאך געבין! (שטעלט זיך אויף) איך לויף צום וואגזאל וויא אזוי איך געה! פילייכט נאך יאזעפין טרעפין! וועל נאך קושין זיין ליבען געזיכט! וועל נאך הערין זיינע זאנפטע ווארטין! (לאזט זיך לויפין צום גלאוונע טיר) איך לויף!...

דער פארהאנג לאזט זיך שנעלל הערַאב.



## צווייטער אקט

(ביא דיזען אקט שפילען אלע פערזאנען זייערי ראליען אויסער פראדלין אונד דעם דאקטאר מיט זיין דענשטשיק).

(דער ערשטיר האלב פון דער אקט געשיהט אין ביליוויזשער וואלד געבין ביאלאסטאק, אונד דער צווייטער ביא הדסהן, דיא צייט פון דעם אקט איז; אין מארגען שטונדע).



## סצענע

(א וואלד פון דרייא זייטין גרויסע געדיכטע בוימער, אין דער מיט א אוים געטריטענער וועג פון גראז, פון דיא בוימער וועלכע זענען געגען פובליקום קומען ארויס בארים מיט יאנקלען, געקליידעט וויא אין ערשטין אקט).

## ערשטער אויפטריט

### בארים אונד יאנקעל

**בארים** (שטעלט זיך מיט אים אפ נעבין א בוים) איך פארשטעה דיך ניט יאנקיל, דער גוטע יאהר זאל דיך וויסען וואס דוא האסט געמיינט דער מיט! נאך אמאהל; איך רעד גאנץ גוט אפ מיט דיר אין בריסק אז איך פאר אוועק מיט אים אויף דעם אופן אז איך זאל אים טיידטין אונ צום סוף אז איך האב שוין פארטיג געמאכט דעם טוידט פאר אים האב איין געשיט סם אין זיין גלאז מהעע ער זאל זיא אויס טרינקען קוממסטו גאר אונטער פליצלונג אונ קערסט איבער דיא גלאז טהעע! איך פאר שטעה דאך אז דוא האסט דאס אימוסטין געטהין אונ וואס זאל דאס בעדייטין הא?

**יאנקיל** (שטעלט זיך געגין אים) האט מיר קיין פעראיבעל ניט מיין הערר, איר האט קיין שכל ניט! איר וואלט יאזעפין טיידטין אויף אזא אופן אז מיר ביידע זאלין אוועק געהן דער נאך אויף קאטארזשנע ארבייט! בארעכינט נור וואס איר האט דא געוואלט טהון! איר האט געוואלט יאזעפין פערסמין, נוא וואס וואלט געוועהן אז ווען ער וועט דער פילען דעם סם אין זיך, וואלט ער דאך אן הייבין צו שרייען אז נור מיר האבין דאס געטהון ווארין אחוץ אונז איז דאך קיינער ניטא אין דעם נומער, וואלטין אויף זיין געשרייא אן געלאפין באלד דער בעל הבית פון דעם האטעל מיט אלע זיינע משרתים אונ אונז איבער געענפערט דער פאליציייא, וואס זשע וואלטין מיר געפועלט? יאזעף וואלט געזונד געוואָרין אונ מיר וואלטין אוועק געהן אויף קאטארזשנע ארבייט! נוא פרעג איך אייך, איז גלייך אייער פלאן?

**בארים**, נוא זאג זשע דוא א בעסערין פלאן?

**יאנקיל**, איך האב א אוים געצייכענטין פלאן, אבער איך וועל אים אייך ניט זאגין ביז איך וועל וויסען וויפיל געלד איך האב ביא אייך! (שטעלט זיך ריא דעם מיט אים.)

**באריס** (דרעהט זיך אוים מיטין פנים צו אים) וואס זשי האסטו דא ניט צו וויסען? איך האב זיך דיר איין מאהל געזאגט אז איך וועל דיך ניט אביזשייען!

**יאנקיל** דאס געהט ניט, איך מוז וויסעז אימענא וויפיל געלד איר גיט מיר!

**באריס**, נוא דוא האסט ביא מיר הונדערט רוביל!

**יאנקיל** (דרעהט זיך פון אים וועק) פאר הונדערט רוביל לאז איך מיין בעל הבית ניט הארגענין

**באריס**, נארישער מענש! וויפיל יאהרין דארפסטו ביא אים דינען ביז דוא וועסט צו נויף קלויבען הונדערט רוביל?

**יאנקיל** (שטעלט זיך ריאדעם מיט אים) דער פאר וועל איך אבער ניט הייסען קיין מערדיר! **באריס** (מיט כעס) וואס זשי, האסט שוין אפשר חרטה?

**יאנקיל**, חרטה האב איך ניט, נור איך האלט פון דעם ווערטיל: עס איך הזיר זאל איך עסין, עס זאל מיר אזש רינען פון מויל!...

**באריס** (מיט פעראכטונג) וויפיל זשי ווילסטו?

**יאנקיל**, ניט מער וויא פינף הונדערט רוביל!

**באריס** (טראכט ווענינ) טשארט וואזמיא! אז מען דארף דעם גנב שניידט מען אים פון דער תליה, אז איך האב מיך שוין אויף דיר אזוי פיל פערטרויעט, קאן איך דיר שוין ניט אפ לאזין עס בלייבט אויף דיינע רייד, יעצט זאג מיר דיין פלאן וויא אזוי אים צו טיידטין:

**יאנקיל**, מיין פלאן איז א אוים געצייכנעטער, ער וועט אייך געפעלין אונ מיר וועלין אים אודאי אוים פירען, נור גיבט מיר פריער דאס געלד!

**באריס**, ניין, געלד וועל איך דיר אנדערש ניט געבין וויא אויף דיא דאזיגע פונקטין, ווילסטו בעשטיין איז גוט, ווען ניט דארף מען ניט, הונדערט רוביל געב איך דיר אז איך וועל אים הארגענין. הונדערט רוביל ווען דוא וועסט הדסהן אן זאגין פון זיין טוידט, אונ דיא לעצטי 300 רוביל וועל איך דיר געבין אז איך וועל הערין פון הדסהן אז זיא נעהמט מיך פאר אמאנן.

יאנקיל



**יאנקיל** (מיט א שמייכיל) אט א דא ליגט דער הונד בעגראבין! אצונד ווייס איך שוין פאר וואס איהר ווילט יאזעפין הארגענין! אייך האט פארשמעקט זיין פרוי! חלעבין, איר האט ניט קיין מיאוסין גוסט, איר ווייסט וואס שיין איז!..

**באריס** לצנות אן דער זייט, ווארין דיא צייט איז קורץ, זאג מיר שוין בעשטעהסטו דרויף צו גיין?

**יאנקיל**, איך באשטעה דרויף, נור וואס וועל איך אבער טהון אז הדסה וועט זאגין אז זיא וויל אייך ניט? בלייב איך דאך נור ביא 200 רוביל, וואס זשי וועט דא מיר ארוים קומען? אין איין האלב יאהר ווערין זייא ביא מיר צו קראכין, אונ איך וועל דארפין ווידער זיין א משרת!

**באריס**, דאס וועט זיא ניט זאגין, איר נויט וועט איהר צווינגען אז זיא זאל מיט מיר חתונה האבין, ווארין זיא האט דאך קיין קינדער מיט יאזעפין, וועט זיא דאך דארפין נעהמין חליצה ביים ברודר זיינעם....

**יאנקיל** (פערכאפט) איך פערשטעה וואס איר ווילט זאגין, דער ברודער איז דאך אבער א לעקיש, ער קען איר געבין די חליצה פאר א גלעט אין בעקיל, ער וועט זיך מישב זיין אז זיא קאסט אים קיין געלד ניט מעג ער זיא אפ געבין אהן געלד:

**באריס**, דער פאר זארג דיך ניט, ער אליין איז אפילו וויא דוא זאגסט א לעקיש, דער פאר האט ער אבער א קלוגע שטיפמוטער, אונ זיא וועט אים אוים לערנין וויא אזוי צו באגעהן זיך מיט דער חליצה, אונ דאמאלט בלייבט דאך הדסה בלוט ארעם, אונ קיין פריינד האט זיא ניט זייא זאלין איר העלפין, וועט זיא מיטביידע הענד אין מי זיך אן חאפין, וויא זאגסטו? ניט אזוי הא?

**יאנקיל**, איר האט רעכט, נוא אצונד הערט אוים מיין פלאן, אונ קלאפט מיר אין פלייצע, בראווא, פאר מיין קלוגען קאפ איר געהט אצונד א היים, אונ רופט יאזעפין ער זאל מיט אייך געהן שפאצירען א ביסעל אין וואלד, ער וועט דאס אייך ניט אפ זאגין, ווארין ער, אויף שפאצירען געהן אין מארגענס איז איין אחאטניק, ער זאגט אז דאמאלט איז דיא לופט פריש אונ געזונד צום מענשין, נור פריער זאלט איר אן גרייטין אין קעשעני א אן געלאדענים רעוואלווער אז איר וועט מיט אים אריין קומען אין וואלד זאלט איר אים אן

הובעז

הייבען אפ צו לויבען דעם שיינעם געזונד, און ער האט דאס זייער ליעב צו הערין נאך דעם זאלט איר אים איבער לאזין אליין אויף א פאר מינוטין דא שטיין מיט דעם אוים רייד; אז איר וועט אויף זוכען דאס ארט פון דיא פייגלען נעסטין, וואָרין ער האט זייער ליעב דרויף צו קוקען וויא דיא פייגלען לערנין זייערי קליינע פייגעלאך פליהען, און איך וועל דער ווייל צו אים אונטער קומען, און מיט אים זיך פארעדין גאנץ געשמאק, דאמאלס זאלט איר אונטער לויפען צו אים פון אינטען און אויף אים אוים שיסען, וועט ער פאלין טוידט קיינער וועט גאר ניט וויסען, און מיר וועלין אהיים קומען אין אונזער האטעל און פאר נעהמין דיא זאכין אונזער, און גאנץ שטיל אהיים פארין! נוא וואס זאגט איר אויף דעם פלאן, איז ער ניט בעסיר וויא אייעריר?

**בארים** (שמייכילט) איך האב זיך גאר ניט געריכט אויף דיר אז דוא זאלסט האבין אזוי פיל שכל! (קלאפט אים אין פלייצע מאלאדיעץ יאנקיל) האסט שוין דיא ווערטה דיא עטליכע הונדערטערס! (קוקט אויף זיין זייגער) א שוין שפעט! מיר האבין זיך דא זייער לאנג פער זאמט, און עס קאן זיין אז יאזעף איז שוין אפשר אוועק געגאנגין, דא בלייבען מיר גאר אוים געשטעלט וואָרין אין צווייא שעה ארום פארט אוועק דער פאיעזד קיין ביאלאסטאק, און דארטין וועט אונז שוין שווער זיין אוים צו פירען דעם פלאן, אלזא בלייב דוא דא איבער, און איך לויף שוין צו אים, אויב איך וועל אים נאך אין דער היים טרעפין, ברענג איך אים באלד אהער! (אב).

## צווייטער אויפטריט

### יאנקיל זעלבסט.

**יאנקיל** (שפאצירט לאנגזאם איבער דער סצענע) אויף אלם דינג קומט א צייט! איך האב געמיינט אז איך וועל שוין ביז אין טוידט דארפין זיין א משרת, אז א גראביר יונג בין איך, קיין מלאכה קען איך ניט, נגנבינען האב איך מורא צו געהן, זינד מען האט מיר דאמאלס אן געקלאפט דיא זייטין, האב איך גירעכינט אז איך בלייב שוין איין עוויגער משרת. איז אבער דיא צייט אויף מיר געקוסען און מיך אויף גירעכט! (בלייבט שטיין מיטין פנים צום פובליקום) איי, וויא אזוי אויף גירעכט? דורך מיין בעל הבית טוידט? נוא

וואס



**הדסה** (צו שראקין, שטעלט זיך אויף) רוף וויא אזוי דוא ווילסט אבי דער צייל שוין!

**מלכה**, יאנקיל געהט צו אונז!

**הדסה**, און יאזעף אויך?

**דוד וועלוויל** (שטעלט זיך אויף) און מיין ברודער ניט?

**מלכה** איך וויים ניט, איך זעה נור יאנקלין צוא אונז געהן, מיט דעם הערם טשאמאדאן אין האנד. נור עפים געהט ער זייער לאנגזאם, דעם קאפ אראפ געלאזין און דאס פנים איז אים זייער חמורנע!

**הדסה**, דאס דארף אויף עפים בעדייטין! (שרייט) רוף אים! רוף אים גיכער צו מיר אריין! איך זאל שוין וויסען וואס מיין שיקזאל ברענגט מיר היינטיגען טאג!

**מלכה** (לויפט אב דורך דעם לינקען טיר).

**דוד וועלוויל** (לויפט איר נאך:) ווארט ווארט! אט געה איך אויך (אב).

## צוועלפטער אויפטריט

### הדסה זעלבסט.

**הדסה** (געהט הין און צוריק שטארק ראזסטרויעט, שטעלט זיך נאהענט צום פובליקום זינגט דעם ליעד:)

אין יעצטיגען מאמענט
וויים איך שוין אויף גיך
וואס אויף דער וועלט
עס ערוואַרטעט מיך
גליק, אדער פריידין
אונגליק, אדער ליידין.
ארמוטה אונד נויט
אדער גאר א יונגער טוידט.

---

(לעגט דיא האנד צום הערצין) וואס זאגסטו מיין הערץ
וועלכעם ווירד מיך ערוואַרטין?

קיממער

קיממער אונד שמערץ
אדער גאר א בלומענגארטין ?
נור א דוא שווייגסט !
אונד האסטיג קלאפסט ;
מיין בלוט אין דיר קיהלט
א סימן : האסט עפּיס ערפיהלט.

(צו לאזט ביידע הענד)

---

וואס האסטו ערשפירט
א זאג מיר מיין פריינד
ניט מאך מיך פעראירט
ביזט דאך מיר קיין פיינד
איך זאל שוין זעהן
וואס מיט מיר איז געשעהן
צו דארף איך נאך לעבין
אדער צום גרוב אפּ שוועבין.

(מאכט מיט ביידע הענד)

(געהט צו, צו איר שטול האלט זיך אן ביא דער שפּארענצע, קוקט צום לינקען טיר דורך וועלכע עס קומען באלד אריין מלכה מיט דוד וועלוועלען אונ נאך זייא יאנקיל מיט א טשאמאדאן).

## דרייצעהנטער אויפטריט

### מלכה. דוד וועלוויל. יאנקיל. אונד דיא פאריגע פערזאן.

**מלכה מיט דוד וועלוולין** (קומען גלייך אריין שרייען ביידע אויס ;
את געהט ער !

**הדסה** (בלייבט שטיין וויא פריער מיטין פּנים צו דער לינקער טיר, מלכה ביא איר רעכטיר זייט. אונ דוד וועלוויל ביא דער לינקער זייט).

**יאנקיל** (קומט אריין דורך דער לינקער טיר געקליידעט וויא פריער. אויף דעם מאמענט פון זיין אריין קומען בלייבען דיא דרייא פאריגע פערזאנען שטיין מיט אויס געשטארטע אויגען אויף איס. הדסה האלט זיך אן מיט איין האנד ביא דער שטול. מלכה שטייט פאר לעגט דיא הענד. דוד וועלוויל בייסט זיך דיא נעגעל).

יאנקיל



**יאנקיל** (בלייבט שטיין נעבין דער טיר גיבט א ווארף דעם טשאמאדאן פון האנד, ברעכט דיא הענד, שאקעלט זיך הין אונד הער שרייט מיט דער שטימע וויא מען בעקלאגט א טוידטין דיא פאלגענדע ווארטין :) וועה איז מיר ! ביטער איז מיר ! ...

**הדסה** (לויפט צו איס צוא :) גוואלד ! וואס איז מיט דיר געשעהען ?

**יאנקיל** (מיטין געמליבען ניגון :) א שלאק האט מיך דער שלאגין א בראך האט מיך געטראפין ! אז אזא יונג בוימעלע זאל אפּ געבראכין ווערין ! (וויינט) א א א !

**מלכה**, וואס רעדסטו ?

**הדסה** (חאפּט זיך אן מיט ביידע הענד פארין קאפּ, לויפט צו איר שטול) א ! ער איז געשטארבין ! (גיבט זיך א ווארף אויף דער שטול) מיין מאנן ! מיין יאזעף ! ביזט שוין טוידט ! א ! אזוי יונג צוא שטארבין ! אזוי גיך דיך פערלירען ! איך האלט דאס ניט אויס ! (ברעכט מיט דיא הענד) אוי ! עס איז מיר שלעכט ! איך שטארב ! (פערוווארפט מיט דעם קאפּ וויא זיא פאלט אין אהנמאכט, בלייבט שטיל, ניט געריהרט מיט קיין גליד).

**דוד וועלוויל** (ווענדעט זיך מיטין פּנים געגין פובליקום, רייסט זיך ביא דיא פאות :) מיין ברודער איז געשטארבין ! וועה איז מיר ! אזא גוטער ברודער ! (וויינט).

**יאנקיל** (רייבט מיט ביידע קולאקעס דיא אויגען, רעוועט אויף א גראב קול :) אזא גוטער בעל הבית ! אזא טהייערער בעל הבית ! א א א ! (חליפּעט).

**מלכה** (קוקט זיך אום צו הדסהן) גוואלד ראטעוועט ! דיא מאדאם חלשט ! דוד וועלוויל ! ברענג אין דער גיך א גלאז וואסער ! (פאכט איר מיטין פארטוך).

**דוד וועלוויל** (גייהענדיג צו דער רעכטיר טיר) אזא גוטער ברודער ! האט מיר אזוי ליב געהאט ! (אב).

## פירצעהנטער אויפטריט

### דיא פאריגע אהן דוד וועלוולין.

**יאנקיל** (ענטפערט באלד נאך דוד וועלוולען) אזא גוטער בעל הבית ! ער איז צו מיר אזוי גוט געוועזען ! אוי אוי אוי ! (וויינט).

מלכה

**מַלְכָּה** (וֶועקְט הֲדַסָהן) מַאדַאמֶענִיו. נְשָׁמָהנִיו, עֶרְגֶערְט אַייךְ נִיט, דָאס אִיז דָאךְ פוּן גָאטְט! אוּנ אוֹיף אִים טָארֶען מִיר נִיט קְרִיגֶען, עֶר אִיז גִירֶעכְט. אוּנ זַיין מִשְׁפָּט אִיז גִירֶעכְט! (קוּקְט אִיר אִין פָּנִים) וֶועה אִיז מִיר! זִיא אִיז גָאר טוֹידְט! וָואס טְהוּט מֶען? (בְּרֶעכְט דִיא הֶענְד. קוּקְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער טִיר, דוּרְךְ וֶועלְכֶע דָוִד וֶועלְוִויל קוּמְט אַרַיין מִיט אַ גְלָאז וַואסֶער).

# פִינְפְצֶעהְנְטֶער אוֹיפְטְרִיט

## דָוִד וֶועלְוִויל אוּנְד דִיא פָארִיגֶע.

**מַלְכָּה** (לוֹיפְט צוּ אִים צוּ, נֶעהְמְט בַּייא אִים דִיא גְלָאז וַואסֶער, לוֹיפְט צוּרִיק צוּ הֲדַסָהן).

**דָוִד וֶועלְוִויל** (גֶעהְט לַאנְגְזַאם אִיר נָאךְ. וֵויינְט) מַיין טְהַייֶערִיר בְּרוּדֶער! פַאר וָואס בִּיזְטוּ גֶעשְׁטָארְבִּין! (שְׁטֶעלְט זִיךְ אִין אַ זַייט).

**יַאנְקִיל** (רֶעוֶועט) אַזַא טְהַייֶערִיר בַּעַל הַבַּיִת! אַזַא גוּטֶער בַּעַל הַבַּיִת! זָאל עֶר גָאר שְׁטַארְבִּין!

**מַלְכָּה** (שְׁפְּרִיצְט מִיט דֶער הַאנְד אוֹיף אִיר וַואסֶער שְׁרַייט) גָאטְט! שְׁטֶעה מִיר צוּ הִילְף! לָאז זִיא נִיט שְׁטַארְבִּין מִיט אַ יוּנְגֶען טוֹידְט!

**הֲדַסָה** (הַאפְּט זִיךְ אוֹיף. בְּרֶעכְט פְרִיעֶר מִיט דִיא הַאנְד, רַייסְט זִיךְ נָאכְדֶעם בַּייא דִיא הָאר:) וֶועה! וֶועה! מַיין אוּנְגְלִיק אִיז זַייעֶר גְרוֹיס! גָאטְט! נֶעהְם מִיךְ אוֹיךְ אַוֶועק!

**מַלְכָּה** (וַויינֶענְד) מַאדַאמֶענִיו! טְהוּט מִיר צוּ לִיעבּ! נֶעהְמְט אַייךְ נִיט צוּם לֶעבִּין!

**הֲדַסָה** (רַייסְט זִיךְ בַּיים קָאפּ, דִיא הָאר פַאלִין צוּ שׁוֹיבֶּערְט אוֹיף אִירֶע שׁוּלְטֶערִין, שְׁרַייט מִיט אַ קְוִויטְשׁ:) וָואס טוֹיג מִיר שׁוֹין דָאס לֶעבִּין! אִיךְ קָאן נִיט מֶער לֶעבִּין! דִיא וֶועלְט אִיז שׁוֹין נִיט מַיינֶע! אַז מַיין מַאנְן, מַיין אֵיינְצִיגֶער פְרַיינְד, מַיין לֶעבִּין, מַיין זֶעעלֶע אִיז שׁוֹין נִיטָא! אוֹי! (פֶערְוַוארְפְט נַאכְמַאלְם מִיטִין קָאפּ) וַויל אִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ נִיט לֶעבִּין!

**מַלְכָּה** (שְׁפְּרִיצְט אוֹיף אִיר וַואסֶער).

הדסה



**הֲדַסָה** (שְׁטוּפְּט אִיר וֶועק מִיט אֵיין הַאנְד פוּן זִיךְ) לָאז מִיךְ! לָאז מִיךְ שְׁטַארְבִּין!

**מַלְכָּה** (וַויינֶענְד) בַּעַל הַבַּיתְטֶענִיו נֶעהְמְט אַייךְ נִיט דָאס לֶעבִּין אַוֶועק, אִיר וֶועט דָאךְ אִים שׁוֹין נִיט לֶעבֶּענְדִיג מַאכִין!

**הֲדַסָה** (שְׁטוּפְּט אִיר וֶועק פוּן זִיךְ) נַיין נַיין! אִיךְ קָאן נִיט דֶעם בְּרָאךְ אַרִיבֶּער טְרָאגִין! אוֹי! (פֶערְוַוארְפְט מִיטִין קָאפּ) מַיין הֶערְץ אִיז מִיר פַארְקְלֶעמְט! (בְּלַייבְּט שְׁטִיל, דִיא אוֹיגֶען פֶערְמַאכְט. שְׁוַואךְ בֶּעוֶועגְט).

**מַלְכָּה** (קוּקְט אִיר אִין פָּנִים) וֶועה אִיז מִיר! זַייא חַלֶשִׁין בַּאלְד ווידֶער! דָוִד וֶועלְוִויל! הֶעלְף מִיר זַייא אִין שְׁטוּבּ אַרַיין פִירֶען! (נֶעמְט אִירֶע הַאנְד) גְוַואלְד! זַייא גֵייהֶען אוֹיס!

**דָוִד וֶועלְוִויל** לוֹיפְט צוּ, נֶעהְמְט הֲדַסָהן בַּייא דֶער רֶעכְטִיר הַאנְד, מַלְכָּה, בַּייא דֶער לִינְקֶער הַאנְד, הֲדַסָה שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיף. דִיא אוֹיגֶען פֶערְמַאכְט דֶעם קָאפּ פֶערְוָוארְפִין. בֵּיידֶע גֵייהֶען מִיט אִיר צוּ דֶער רֶעכְטִיר טִיר).

**הֲדַסָה** (גֵייהֶענְד מִיט זַייא, עֶפִינְט דִיא אוֹיגֶען, שְׁרַייט) מַיין טְהַייֶערִיר יָאזֶעף! וִויא בִּיזְטוּ? וַוארְט אוֹיס! אָט גֶעה אִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ צוּ דִיר (אַבּ אַלֶע דְרַייא).

# זֶעכְצֶעהְנְטֶער אוֹיפְטְרִיט

## יַאנְקִיל זֶעלְבְּסְט.

**יַאנְקִיל** (אַלְס דִיא פָארִיגֶע דְרַייא פֶערְזָאנֶען זֶענֶען גֶעגַאנְגִין צוּם טִיר הָאט עֶר זִיךְ גֶעקְוֶועטְשְׁט דִיא אוֹיגֶען, אוּנ שְׁטִיל גֶערֶעוֶועט. נוּר קוּים זֶענֶען זַייא אַבּ גֶעגַאנְגִין, מַארְשִׁירְט עֶר אִיבֶּער דֶער סְצֶענֶע הִין אוּנְד צוּרִיק אֵיין מָאהְל, עֶר קוּמְט אוֹיס נָאכְדֶעם אִין דֶער מִיט סְצֶענֶע מִיטִין פָּנִים צוּם פּוּבְּלִיקוּם. לָאזְט אַרוֹיס אַ גֶעלֶעכְטֶער:) חַא חַא חַא! אִיךְ קְוֶועל אַזְשׁ פוּן זִיךְ אַלֵיין! וִויא גוּט אִיךְ הָאבּ דָא מִיט דָאלֶיע אָפּ גֶעשְׁפִּילְט! יֶענִי הָאט אַזְשׁ גֶעחַלֶשְׁט. דִיא אַנְדֶערִי הָאט גֶעוֵויינְט אוּנ דֶער לֶעקִישׁ דֶער דָוִד וֶועלְוִויל הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטִין אִין אֵיין רַייסֶען בַּייא דִיא פֵּאוֹת אוּנ גֶעשְׁרִיגִין (קְרִיכְט זִיךְ אִים נָאךְ) אַזַא טְהַייֶערִיר בְּרוּדֶער! פַאר וָואס בִּיזְטוּ גֶעשְׁטָארְבִּין? . . . אוּנ יַאנְקִיל שְׁטֵייט דֶעם קָאפּ אַרָאפּ גֶעלָאזִין (וַוייזְט וִויא אַזוֹי) אוּנ הַאלְט אִין אֵיין רֶעוֶוען

רעווען (רעוועט) אזא גוטער בעל הבית! אזא טהייערער בעל הבית! א א א (לאכט) חא חא חא! (קוקט זיך אום צום לינקען טיר) שאן מיר דוכט אז עס געהט עממעצער אהער! אונ איך וועל אפשר דארפין באלד אבער שפילען מיין ראליע! (לויפט צום לינקען טיר. שטעלט זיך געבין טשאמאדאן, אלס ער זעהט. וויא דיא טיר עפינט זיך הייבט ער אן וויינען אויף א קול, שמואל זרח קומט דורך איר אריין געקליידעט וויא אין ערשטין אקט איין האנד אין בוזים האלט ער).

## זיבצעהנטער אויפטריט

### שמואל זרח אונ דער פאריגער פערזאן.

**יאנקיל** (אלס ער זעהט אים אריין געהן, וויינט ער נאך העכיר)?

**שמואל זרח** (קוקט זיך באלד צו אים אום) וואס טהוסטו דא יאנקיל? יאזעף איז אויך דא? אונ וואס וויינסטו עפים נאר, הא?

**יאנקיל** (האלט אראפ געלאזין דעם קאפ. שאקעלט מיט אים, רעדט מיט א שטימע וויא מען בעקלאגט א טוידטין) פאר וואס זאל איך ניט וויינען? פאר וואס זאל איך ניט קלאגין? אז אוועק פון דאנין בין איך מיט אים, אונ צוריק בין איך אליין געקומען! א א א! (חליפעט).

**שמואל זרח.** וויא זשי האסטו אים א הין געטהון?

**יאנקיל,** א כפרה וואלט איך חלעבין געמעגט ווערין פריער איידער איך צו ברענגין אזא וויסטע בשורה!

**שמואל זרח** (צו שפרייט ביידע הענד אין דער הייך, גיבט מיט זייא א פאטש שרייט אוים:) גרויסער גאטט! וואס איז מיט מיין קינד געשעהען?!

**יאנקיל** (מיט דער פאריגער קלאגענדע שטימע) אזא טהייערער בעל הבית! אזא דימענטעניר מענש! זאל אזוי יונג אפ שטארבין! (קרעכצט).

**שמואל זרח** (חאפט אים אן פאר איין האנד) פון וועהמין רעדסטו דאס? (לאזט אים אפ. קוקט אויף אים מיט גרויסע אויגען).

**יאנקיל** (מיט דער נעמליכע שטימע) איך רעד... (וויינט) ווי איז מיר! איך וויגש מיר שטום צו ווערין איידער אזעלכע ווערטיר

פאר



פאר אייך ארויס צו לאזין!

**שמואל זרח,** נוא זאג שוין, לאם איך שוין וויסען פון וועהמין דוא רעדסט!

**יאנקיל,** וואס זאל איך זאגין, וואס זאל איך רעדין יאזעף איז געשטארבין מיר קענין אים שוין לעבעדיג ניט מאכין!

**שמואל זרח** (א חאפ מיט ביידע הענד פארין קאפ) וואס הער איך? מיין יאספיל איז געשטארבין? מיין קינד?!

**יאנקיל** (שאקעלט זיך) שטארבין צו שטארבין איז ניט גלייך! ניחייא וואלט ער חאטש געשטארבין מיט א נאטירליכען טוידט וואלט דער ווייטהוג ניט אזוי גרוים געוועהן, ער איז אבער דער שאסין געוואָרין, ווייא איז מיר!

**שמואל זרח** (גיבט זיך א וואָרף פון שרעק, קוקט אויף אים ווילד) געשאסין? סטייטש פאר וואס האט מען געהאט צו אזא כשר קינד?

**יאנקיל** (ווישט זיך אוים דיא אויגען, קרעכצט אפ) אלע דרייא זענען מיר געגאנגין אין וואלד שפאצירען וואס פאר ביאלאסטאק איז, איך, באריס וואלדמאן, אונ יאזעף עליו השלום, האט זיך יאזעפין פארגלוסט צו געהן קוקען וויא דיא יעגיר גייהען אויף פאליוואניע, מיר ביידע האבין אים אפילו אפ געשלאגין, באריס האט געזאגט אז מען דארף אהין ניט געהן אונ איך האב געזאגט אז עס איז א סכנה פאר א פרעמדין מענשין צו געהן אהין, נור אום שטיינס געזאגט דער מלאך המות האט אים שוין גישלעפט צו זיך! האט ער אונז ניט געהערט אונ איז אליין אוועק געגאנגין, איך האב אפילו געוואלט אים נאך געהן עפים וויא דאס הארץ האט מיר געזאגט אז איך זעה שוין דעם לעצטין מאהל דעם בעל הבית מיינעם פאר זיך נור ער דער גוטער מענש. זאל שוין א גוטער מליץ זיין פאר אונז, האט מיר גיענפערט אז וויא באלד איך שרעק מיך זאל איך מיט אים ניט געהן, איז ער ביידע איבער געבליבען אין וואלד, מיר ווארטין א שעה, אונ צווייא, אונ דרייא, ניטא יאזעף! מיר האבין תחילת גירעכינט אפשר זענען זייא שוין אהין אונז אהיים געגאנגין, האט באריס מיך געשיקט א היים, איך האב אבער אין דער היים קיינעם ניט געטראפין, דיא טיר איז געוועזין פערמאכט וויא מיר האבין זיא אין דער פריה געלאזין. האב איך מיך צוריק געקערט צו באריסען אונ

דאס

וואס איז דא פאר איין אונגליק? צו פאסירט זיך דען ניט דיא גאנצע וועלט אזוי? איינער ווערד רייך, ווייל דער אנדעריר איז געווארין ארעם; איינער לעבט, ווייל דער אנדעריר שטארבט, אונ ווען עס זאל זיך אזוי ניט פאסירען וואלט דאך גאר דיא וועלט קיין קיום ניט געהאט! מענשין וואלט געווען אזוי פיל וויא פליגען, אז איינער אויף דעם אנדערין וואלט געקראבין אוים ענגשאפט, אונ אלע וואלטין אין דיא גאסין געפאלין פאר הונגער! דער וואס מאכט טרומבים וואלט ניט געהאט וועהמין זייא צו פערקויפען, דער קברות יוד וואלט ניט געהאט וועהמין צו היטען, אדער ביא וועהמין דיא תכריכים אפ צו רייסען, דער רייכער בן יחיד וואלט פערשפארט, גאט בעטין אויף זיין פאטירס טוידט. חברה מלאצעס וואלטין אין דיא קאבאקין אויף עביג אנשלאפין געווארין אונ ניט געהאט וועהמין צו בעגראבין, חברה קדישה וואלטין געמוזט דעם שווארצין בוך פארברענין, מקבלים וואלטין פערטשאדעט געווארין אין קלויז ביים אויבין אונ קיינער וואלט זייא ניט געקומען רופען משניות צו לערנען, הכלל, די וועלט וואלט קיין וועלט ניט געוועזין אונ די מענשין ניט! גאט האט אזוי געמאכט אז איינער זאל שטארבין, כדי ער אנדעריר זאל קענין לעבין, נור וויא אזוי שטארבין? צו מיט א צייט, צו אהן א צייט? דאס איז אלעס איינס! אבי ער רוימט אפ דעם וועג כדי דער אנדעריר זאל קענין לעבין! (פויזע, שפארט זיך צו נעבין א בוים) איך טהוא אפילו ניט פינקטליך וויא איך רעד דא יאזעף רוימט דאך פאר מיר ניט אפ דעם וועג. איך רוים דאך מיר אליין אפ דען דורך מיר שטארבט ער, נון וואס וועט זיין אז שפעטיר וועט קומען איין אנדעריר אונ וועט מיך הארגענין כדי ער זאל פאר זיך אפ רוימען דעם וועג? (א קורצע פויזע, שפאצירט) נור טשארט וואזמיא! דרויף דארף איך ניט קלערין! מחמת דער פיש אין וואסער פרעגט זיך דען דאמאלס ווען ער שלינגט איין אנדער פיש, אז שפעטער וועט אפשר איין אנדער פיש אים איין שלינגען? ניין! ער דארף גאר דרויף ניט קלערין, ער ווייסט וואויל אז ער איז הונגעריג דארף ער זוכין דורך וועהמין זיין הונגער צו שטילען. איך בין ארעם אונ גוט אויף צרות דארף איך מיך זעהען צו העלפין, אונ ווען איך קאן פון זיך אליין ניט געהאלפין ווערין, דארף איך דאס זוכין פון איין אנדערין געהאלפין צו ווערין, ווען ניט מיט זיין לעבין, איז אויך נישט קשה מיט זיין טוידט! (בלייבט שטיין מיטין





דאס אים דער ציילט, ער האט זיך שטארק דער שראקין, האט זיך געלאזט לויפין אין וואלד אונ געהייסען אז איך זאל אים נאך לויפען, מיר זענען אוים געלאפין כמעט דעם גאנצין וואלד, ביז מיר זענען ענדליך צו געקומען צו דעם ארט וויא מען שיסט דיא פייגעל, שטעלט אייך אבער פאר דיא שרעק וואס אונז האט באגעגענט אז מיר האבין יאזעפין דער וויסט ליגען נעבין א בוים א דער שאסענים! דאס בלוט האט פון אים זיך געגאסין וויא פון א קוואל, אונ דער ראק זיינער וועלכין ער האט געטראגין אויף דער האנד איז געלעגין נעבין אים, אונ ווייטער האבין מיר קיינעם ניט געזעהן, וויא גרוים אונזער ווייטהוג איז געווארין דאס זעהענדיג דארף איך אייך ניט דער ציילין ווארין איר זיינט א טאטי, פיהלט איר דאס אצונד בעסיר וויא מיר האבין געפיהלט. חאטשי איר האט דאס מיט אייערי אויגען ניט געזעהען, מיר האבין זיך גוט אוים געוויינט, דער נאך האבין מיר אים בשתיקה אריין געבראכט אין שטאט אריין אונ מקבר געוועזין כדי פאליצייא זאלין זיך ניט דער וויסען אונ אים נאך וועלין פאלמעסין. בארים האט מיר געהייסען פארנעהמין זיינע אלע זאכין פון דעם טוידטען מיט זיין געלד איך האב דאס אלעס אריין געלייגט אין דעם טשאמאדאן (ווייזט מיט איין האנד אויפין טשאמאדאן) אונ צוריק געבראכט דאס אייער שנור, בארים פאר יסורים האט שוין קיין סחורה ניט איין געהאנדעלט ער האט זיך אום געקערט גלייך מיט מיר, נור הלוואי דער סוף זאל אים גוט זיין, ער איז שרעקליך צו מישט!

**שמואל זרח** (האלט זיך מיט ביידע הענד פארין קאפ געהט הין אונד צוריק:) טרוף טורף יוסף! פערצוקט איז געווארין מיין יוספיל וויא א מאהל ביא יעקבין זיין יוסף! נור מיין בראך איז איצט גרעסיר וויא זיינער! ער האט נור געמיינט אז זיין יוסף איז פערצוקט אונ ביא מיר איז דאס ווירקליך געשעהען! (וויינט) פערוויסט זענען מיינע אלטע יאהרען געווארין! איין זוהן איז ביא מיר פערפאלין געווארין, אונ אצונד איז דער אנדעריר שוין אויך ניטא מער! (שטעלט זיך אין דער מיט סצענע מיטין פנים צום רעכטין טיר. הייבט דיא הענד אין דער הויך, קוקט ארויף) הצור! תמים פעלו! כי כל דרכיו משפט! דוא גרויסער שעפער! אויף לויטער משפט בעשטעהען דיינע ווערק, אונ וואס דוא טהוסט איז חלילה קיין אונרעכט ניטא! ברוך דיין האמת! (ווישט זיך אוים דיא אויגען, ווענדעט זיך

פנים צום וואלד, פון אונטער דער סצענע הערט זיך יאזעפס שטימע מיט פאלגענדע ווערטער: „אך וואס פאר א שיינער וואלד!" יאנקיל קערט זיך אום מיטין פנים צום פובליקום, רעדט ארויס גיך דיא פאלגענדע ווערטער: דער פויגעל איז שוין אין שטייג! אונ לויפט שנעלל אוועק אין דער לינקער זייט צו דיא בוימער אונ געהט אב פון דער סצענע) (פון דיא בוימער וועלכע זענען געגין פובליקום, קומען ארויס בארים מיט יאזעפין געארעמט, דער ערשטיר געהט אן געטהון זיין ראק אונ האלט אין קעשענע אן געלאדענעם רעוואלווער, אונ דער צווייטער האלט זיין ראק אויף איין האנד).

## דריטער אויפטריט

### בארים אונד יאזעף.

**בארים** (געהט מיט אים לאנגזאם צום פובליקום ביי דער רעכטיר זייט) איך האב אייך געזאגט הערר פיינהאלץ אז דער וואלד איז אונז צום בעוואנדערים ווערטה! (ווייזט מיט דער האנד אן צו דער רעכטיר זייט צו דיא בוימער) בעטראכט נור זיינע הויכע בוימער וויא גרויס זייא זענען, אונ דיא גרינע בלעטער פון זייא, וויא שיין זייא קליידען דיא בוימער! הייגט דעם זיסען הארמאט וואס יעדער בלעטעלי גיבט פון זיך ארויס, עס דערקוויקט פשוט אלע אברים פון מענשין! וויא זאגט איר יאזעף? (שטעלין זיך אפ מיט דיא פענימער צום רעכטין זייט).

**יאזעף**. יא עס איז ווירקליך אזוי וויא איר זאגט הערר וואלדמאן! אונ איך דאנק אייך זעהר פיר דעם פערגעניגען וואס איר האט מיר פערשאפט. מיך צו רופען מיט אייך שפאצירען, איך שפיר מיר דא אזוי גליקליך, וויא איך וואלט זיין אין אגן עדן! . .

**בארים** (דרעהט זיך מיט אים אוים א געגין פובליקום, שטייט מיט אים) דאס איז נאך גאר ניט, איך וועל אייך נאך פירען צו דעם ארט וויא דיא יעגערס געהען אויף פאליוואניע, אט דארטין וועט איר ערשט פון אייער פערגעניגען וויסען! איר וועט זעהן פיל פייגלען געסטין מיט גרויסע אונ קליינטשקע פייגליך. וויא צוקער זים זייא זינגען זייערע מארגען לידער. וויא וואנדער באר, דיא מוטערס זייערע לערנען זייא פליהען. דארטין וועט איר בעטראכטין דיא פארבארגענע קראפט

פון



פון דער פארזעהונג אין דער נאטור, מיט איינעם ווארט: אז איר וועט דארטין זיין וועט איר גאר אליין ניט וויסען אויף וועלכע וועלט איר זענט: צו אויף דעם הימעלשין פאראדיז, אדער אין דעם ערדישען!

**יאזעף** (געהט מיט אים) וויא ווייט איז צו דעם ארט?

**בארים** (שטעלט מיט אים זיך אפ) ניט זייער ווייט, איך האב אפילו געוויסט דעם וועג אהין, נור איך האב אים שוין יעצט נאנץ פארגעסין, ווארין שוין צווייא יאהר אז איך בין אין דעם וואלד ניט געוועזען, פריער ווען איך האב אין ביאלאסטאק געוואוינט פלעג איך כמעט אלע טאג דא אין וואלד שפאצירען, שטייט דא אפאר מינוט הערר פיינהאלץ, וועל איך געהן אויף זוכען יענעם ארט וואס איך האב אייך געזאגט (מאכט זיך לויז פון זיינע ארעם).

**יאזעף** (האלט אים לויז פארין האנד) צו וואס? חלעבין אז איך האב ניט פערדינט איר זאלט זיך וועגין מיר בעמיהען!

**בארים** (דרעהט זיך פון אים אוועק, מיטין פנים צום וואלד) ביי מיר הייסט דאס ניט קיין מיה, אין געגענטהייל: איך האב דיא גרעסטי הנאה אז איך פערשאף א פערגעניגען (ער געהט צו דעם ארט פון וועלכין ער איז מיט יאזעפין אן געקומען, געהמט זיך רעכטס געהט אב).

**יאזעף** (בלייבט שטיין גאנץ נאהענט צום פובליקום נעבין א בוים מיטין געזיכט צום לינקער זייט).

**יאנקיל** קומט ארויס פון לינקער זייט).

## פירדטער אויפטריט

### יאזעף אונד יאנקיל

**יאנקיל** (לאזט זיך געהן גלייך צו יאזעפין).

**יאזעף** (דער זעהט אים, שמייכעלט) דוא ביזט אויך דא יאנקיל?

**יאנקיל** (קומט צו אים צו) וואס רעדן מיינט איר? יאנקיל וועט ניט געהן אן קוקען אזא וואלד? . . (שטעלט זיך געגין אים).

**יאזעף** (שמייכילט) ער געפעהלט דיר שטארק דער וואלד?

**יאנקיל**, אהא! נאך וויא אזוי ערגעפעלט מיר! איך זאל קענען וואלט איך אים אזש איין געשלינגען פאר ליבשאפט!

יאזעף

יאזעף (רייסט אפּ א צווייגעל פון א בוים, ווייזט אים) בעטראכט נור יאנקיל דיא גרינע בלעטיר מיט זייערי שיינע קווייטין פון דעם צווייגעל! וויא קונסטליך דיא נאטור האט דאס ארויס גיגעבין! וויא רייצענד זייא שיינען! וויא ליבהאפט זייא שמעקין! וויא שיין יעדער בלעטעלע איז אויס געשניטען! א מייסטער ווערק פון גאט! (ער שמעקט דאס).

יאנקיל (שטעלט עטליכע לאנגזאמע טריט, בלייבט שטיין אין מיטין דער סצענע מיטין געזיכט צום פובליקום, און קוקט צום לינקער זייט).

יאזעף (געהט צו אים צו, ווייזט אים דאס צווייגעל) קוק צו דעם צווייגעלע יאנקיל, אט זעה: איך האב דאס אפּ געריסען, זאל זיך צום ביישפיל אונטער נעהמין א מענש וועלכער זאל דאס קאנען צו ריק זעצין אויף דעם פאריגען ארט? און עס זאל ווייטער בליהען? ניין; דאס קאן קיינער שוין ניט! (בארים קומט ארויס פון דיא בוימער וועלכע זענען אינטער יאזעפין מיט א רעוואלווער אין האנד).

## פינפטער אויפטריט

### בארים אונד דיא פאריגע.

בארים (רוקט זיך נאהענטער צו צו יאזעפין).

יאנקיל (קוקט בגניבה זיך אים ארונטער, רוקט זיך אפּ פון יאזעפין).

יאזעף (שטייט גלייך מיטין פנים צום פובליקום, הייבט דיא אויגען ארויף:) א אללמעכטיגער גאט! אללמעכט אונד פערבארגען זינד דיינע ווערק! קיין מענשליכער שכל איז ניט אין שטאנד דאס מינדעסטי פון זייא צו ערקלערען מיט דעם גרונד! קיין מענשליכע האנד גיבט. וועלכע זאל אין שטאנד זיין דאס קלענסטע פון דיינע ווערק נאך צו טהון! (קוקט אויף דעם צווייגעל) בארים (שטעלט זיך אויף אזא ארט וואס דער פובליקום זעהט אים צילט מיט זיין רעוואלווער צו יאזעפין).

יאזעף (שמעקט דאס צווייגעל) איך דאנק דיר ליעבע זיסע נאטור גאטס! וואס דוא בליהעסט אויף, אלע גרעזין, גיבט ארויס פערשיעדענע געוויקסע כדי צו ערקוויקען דיא געניעס פון מענשין, און כדי (אויף דיזע רייד שיסט בארים אויף אים אויס און ווערד

פערשווינדען



פערשווינדען) צו אויס לייטערין דיא..... (ער פאלט מיטין קאפּ צום וואלד, שרייט מיט א שטערבענדין קול:) רעט... טעט!... פער... ביא! (בלייבט שטיל).

יאנקיל (לויפט צו אים צו תאפּט דעם ראק זיינעם פון דער ערד און לויפט אב).

יאזעף (שוואך) איך... געה... אויס!... (א פארהאנג לאזט זיך אראפּ מיט טירען, עס ווערד פארגעשטעלט א קארידאר פון הדסה'ס וואוינונג, אויף ביידע זייטין צוויא טירען, פון רעכטס קומען אן מלכה מיט הדסה'ן, דיא ערשטי, געקליידעט וויא אין ערשטין אקט נור מיט א שאלעכיל אויף דעם קאפּ, און דיא צווייטע געהט אין א שווארץ זיידין קלייד, דעם קאפּ פארקעמט).

## זעכסטער אויפטריט

### מלכה אונד הדסה.

הדסה (אלס זיא קומט מיט איר אריין) אזוי, ביזטו אויך ליידיג געקומען פון פאסט? (בלייבט מיט איר שטיין צום רעכטי זייט).

מלכה, ליידער, יא!

הדסה (ברעכט מיט דיא הענד) עס איז מיר זייער שלעכט! איך געה אויס פאר יסורים! ברענג תאטש אריין א בענקיל איך זאל מיך זעצין!

מלכה (געהט אב פון רעכטיר זייט).

## זיבענטער אויפטריט

### הדסה זעלבסט.

הדסה (בלייבט שטיין געגין פובליקום געגין וואנד, דיא הענד פארלעגט, איינע אויף דיא אנדערי אראפּ געלאזין, שווייגט א פאר זעקונדען) שוין צוויא וואכין אז יאזעף איז אוועק געפארין, צוויא וואכין! און איך האב נאך ניט איין בריעף פון אים ערהאלטין! (הייבט מיט דיא אקסלען) איך וויים גאר ניט וואס צו טראכטין דעריבער! (קוקט ארויף) גאטט! זאל יאזעף אין מיר זיך אזוי פערגעסין? (קוקט אראפּ, דרייהט מיטין קאפּ אויף "ניין") א ניין! דאס קאן ניט זיין!

מיין

מיין מאנן קאן אן מיר ניט פארגעסין, ער ווייסט אין וועלכע לאגע ער האט מיך געלאזין, אז אהן אים בין איך עלענד! און דעריבער, וויא ער זאל קיין צייט ניט האבין, דארף ער מיר אפפערין איינגע זעקונדען אויף א בריעף מיר שרייבען, (פויזע שאקעלט מיטין קאפ וויא מען בעקלאגט איינעם) א יאזעף, יאזעף! האסט מיר צו געזאגט: אין דער צייט שוין צוויא בריפפע צו האבין פון דיר, און צום סוף האב איך קיין איין בריעף אויך ניט! וואס זאל דאס בעדייטין יאזעף? ווארום שרייבסטו מיר ניט? צו ביזטו ניט חלילה קראנק? (מיט שוידער) א גאטט! מיין יאזעף איז אוודאי קראנק און איך וויים דער פון ניט? מיין איינצעלנדער פריינד אויף דער וועלט ליגט פערמוטהליך אויף קראנקין בעט און איך בין אזוי ווייט פון אים? (קורצע פויזע) א! מעכטי איך פליהען קאנען, העטטע איך דאך אין איינער מינוט זיך ערקונדיגט וואס ער טהוט! (רוהיגער) אבער ניין! ניט מיר מענשין זענען ווערטה אזא טהייער איינגענשאפט צו בעזיצען! ניט צו אונז איז גיגעבין געוואורין דיא פליגלען, אנשטאט זייא, האבין מיר הענד מיט וועלכע מיר טהוען זיך בייזעס איינער דעם אנדערין, און ווער ווייס וועלכעס בייז דיא מענשליכע הענד האבין מיין יאזעפין פערשאפט? פאר דעם געדאנק האב איך מיך פריער געשראקען, און יעצט ציטטער איך פאר אים! הלוואי, אז דיא שרעקין און ציטטערין מיינע זאלין זיין אומזיסטיגע! (פויזע, קוקט פאנאסטעש) יא איך האב געזינדעגט פריער וואס מיין מאנן פערדינט קיין געלד ניט, וואס מיר דארפין לעבין פון גרייטין קאפיטאל, א, איך וואלט יעצט שוין צו פרידען זיין, א טרוקען שטיקעל ברויט צו עסין, אבי מיין יאזעף זאל זיין נעבין מיר! דען וואס נוצט מיר מיין גוטס, אז מיין הערץ איז מיט שמערצין פול! מיינע אויגען אין טרערין פער באדין! און מיין קאפ איז פול מיט שרעקליכע וויסטע געדאנקען! (מלכה קומט אריין דורך דער רעכטיר זייטין טיר, אהן דעם שאלביל, מיט א בענקיל אין האנד).

## אכטער אויפטריט

### מלכה אונד דיא פאריגע פערזאן.

**מלכה** (שטעלט דאס בענקעל נעבין הדסהן).

**הדסה** (זעצט זיך דרויף, האלט אראפ געלאזין דעם קאפ).

מלכה:



**מלכה** (שטעלט זיך נעבין איר) חלעבין מאדאם אז איר האט אייך גאר ניט וואס צו זארגען, מיט דעם הער איז חלילה קיין בייזעס געשייהען, דאס איז ניט אנדערש וויא זייא זענען געווען שטארק פערטראגין אין זייערע גישעפטין בשעת זייא האבין צו אייך א בריעף געשריבען, האבין זייא פארגעסין צו צו קלעבען א מארקא צום קאנווערט, האבין דאס אזוי אריין געווארפין אין פאסט קעסטיל און דיא פאסט האט עס אפ גישטעלט דורך דעם.

**הדסה,** אך וואס דוא רעדסט! ווען איך זאל שוין גלויבען אז עס איז אזוי געשעהען, קען דאך א טעות נור זיין ביא איין בריעף, אבער ניט אויך ביים צווייטין וואס האט מיר געדארפט היינטיגע וואך אן קומען!

**מלכה,** מעגליך איז, אז זייא האבין מער קיין צייט געהאט צוא שרייבען!

**הדסה,** און דאס איז מיר אויך ניט צו גלויבען! פינף מינוטין קען ער אלער צייט פון מיינעט וועגין אפ שפארין אויף א בריעף צו שרייבען, און צווייטענס וויא וואלט ער דעם שווער עפים ניט געשריבען?

**מלכה,** עס קאן זיין אז זייא האבין שוין א בריעף! איך וועל אריבער געהן פרעגין, (זיא וויל געהן דוד וועלוויל קומט אריין דורך דעם לינקען זייט געקליידעט וויא אין ערשטין אקט).

## ניינטער אויפטריט

### דוד וועלוויל אונד דיא פאריגע.

**מלכה** (צו הדסהן, אלס זיא זעהט אים אריין קומען) אט איז דוד וועלוויל דא!

**דוד וועלוויל** (געהט צו, צו הדסהן) אט בין איך טאקי געקומען!

**הדסה** (צו מלכהן) ברענג אריין מלכה נאך א בענקער.

**מלכה** (גייט אב דורכין רעכטין זייט).

---

## צעהנטער אויפטריט

### דיא פאריגע אהן מלכהן.

**הדסה** (צו אים) עס איז שוין אפשר א בריעף דא פון יוספין בייא אייך?

**דוד וועלוויל**, ניין, מיר האבין גאר ניט! דער טאטי ווייסט גאר ניט וואס ער זאל שוין זאגין!.. ער האט היינט געזאגט אז צוריק גייהענדיג פון גאס וועט ער צו אייך אריין געהן געוואויר ווערין אויב איר האט א בריעף. (מלכה קומט אריין מיט א בענקעל, שטעלט דאס געבין דוד וועלוולען, געהט צוריק אב).

**הדסה**, זעץ דיך דוד וועלוויל, וואס שטייסטו?

**דוד וועלוויל** (זעצט זיך).

**הדסה**, פאר וואס קומט ניט א מאהל דיא מומע געוואר ווארין צו מיר? זיא האט דאך צו געזאגט יאזעפין אז זיא וועט אלע טאג בייא מיר זיין?

**דוד וועלוויל** (גיבט זיך אחאפ מיט רעש) אוי הערט זשי שוועגערין איז זיא אזא ליגנערטי סכנות! שוין פון צווייא נעכט אז זיא גיט מיר ניט קיין קישען אויף דער זייט צו ליגין, אז עס האט מיר אבער אן געהויבען שוין שטארק צו קוועטשין, האב איך דאס היינט דער ציילט דעם טאטין, אז זיא האט דאס דער הערט האט זיא זיך אפ געשוואוירען פאר אים אפשר מיט טויזענד שבועות אז זיא איז גאר ניט שולדיג זיא וויל מיר געבין דעם קישען נור איך וויל אים ניט נעהמין! נוא וואס זאגט איר שוין צו אזא ליגנערטע?... (זעצט זיך, קוקט אויף איר).

**הדסה** (נאך א קורצע פויזע) האסט שוין עפים גיגעסין דוד וועלוויל?

**דוד וועלוויל** (דרעהט מיטין קאפ) איך בין נאך ניט הונגעריג!

(מלכה לויפט אריין האסטיג דורכין זייט פון לינקס).

## עלפטער אויפטריט

### מלכה אונד דיא פאריגע.

**מלכה**, איך וועל אייך זאגין א בשורה מאדאם, נור איך וייס אבער ניט וויא אזוי איר אן צו רופען?...





צו יאנקלין): הדסה ווייסט שוין פון אונגלק

**יאנקיל** (א ראפ געלאזין דעם קאפ) יא, זיא האט שוין געביך צווייא מאהל געחלשט פאר ווייטהוג, מלכה מיט אייער זוהן האבין זיא קוים אפ געמינטערט אונ אריין געפירט אין שטוב אריין.

**שמואל זרח** (געהט צו צום טשאמאדאן, נעמט אים אין דער האנד געהט גאנץ לאנגזאם מיט אים צו דער רעכטיר טיר, לאזט אים פלוצלינג ארויס פון האנד, אונ אליין פאלט ער אויף דעם פאל, בלייבט שטיין אויף דיא קניה נעבין טשאמאדאן, קוקט אויף אים, שאקעלט מיטין קאפ אונ קלאגט): וועה איז דעם טאטין! איך קוק מיט אזא פאזע אויף דעם טשאמאדאן אצונד, וויא א מאהל יעקוב, אויף דעם צוריסענים העמדיל פון יוספין! איך מוז אויך נאך שרייען זיינע ווערטיר וואס ער האט דאמאלס געשריען! טרוף טורף יוסף! ער איז דער שאסין געווארין מיין יוספיל! אונ איך וועל מוזין נידערין אין גרוב מיט א גרויסען בראך אויף מיין עלטער! א בראך, וואס קען זיך גאר קיין מאהל ניט פערהיילען בייא מיר! (בייגט אראפ דעם קאפ צום טשאמאדאן) מיין קינד, מיין קינד! ... מיר וואלט איך געשטארבין פאר דיר! (לאזט ארויס א גרויסען קרעכין).

דער פארהאנג לאזט זיך שנעלל העראב.



# דריטער אקט

(בייא דיזין אקט שפילען אלע פערזאנען זייערי ראלען אויסער: באריסען, יאנקלען אונד מלכהן):

(דער ערשטער האלב פון דעם אקט געשיהעט בייא שמואל זרחין אין הויז, אונ דער צווייטער אין ביאלאסטאקער שפיטאל).

(דיא צייט פון דעם אקט איז; פאר מיטטאגס שטונדע):

## סצענע

(א קליין שטיבעל, א גלאזונע טיר צום פובליקום, רעכטס א זייטין טיר, א טישעל געגין פובליקום, אונ בייא ביידע זייטין צווייא שטולען, דוד וועלוויל קומט אריין דורכין זייטין טיר געקליידעט אין

גרויסען ארבע כנפות, הויזען אין דיא שטיוועל, מיט א סאמעטענעם קארטוז) .

# ערשטער אויפטריט

## דוד וועלוויל זעלבסט .

דוד וועלוויל שפאצירט איין מאהל איבער דער סצענע הין אונד הער, דיא הענד האלט ער פון אינטען שטעלט זיך נאכדעם ביים טישעל, מיטין פנים צום פובליקום דיא הענד האלט ער אינטער זיך, הייבט מיט דיא אקסלען, רעדט צו זיך:) וואס קען דאס זיין הא? זינט מיין ברודער איז געשטארבין איז דיא מומע צו מיר אזוי גוט געווארין אזש סכנות! זיא גיט מיר עסין אונ טרינקען צו נארטעלטיר הייט, גיט מיר א גוט געלעגער מיט צווייא קישענס אזש! גלעט מיר שטענדיג. לאזט מיר אזש פון שטוב ניט ארויס פאר ליבשאפט! פרעגט מיך אפשר צעהן מאהל אין טאג; "דוד וועלווילע, ווילסט שוין עסין? דוד וועלווילע, גיבען דיר עסין?" .. איך וויים גאר ניט פאר וואס דאס איז? (פויזע, נעהמט ארוים איין האנד פון אינטער זיך מיט א ציצי) אפשר האט זיא זיך שוין דערשראקין נאר פאר דעם טוידט? ווייל זיא האט געזעהען וויא מיין ברודער וואס איז געוועזן מיט א סך יאהרין יונגער פון איר איז ער געשטארבין, אונ זיא איז עלטער קען זיא דאך אוודאי שטארבין! .. וויל זיא אפשר פרום ווערין כדי זיא זאל לעבין בלייבין? (פויזע) איז דאך אבער א קשיא. פאר וואס געהט זיא קיין מאהל ניט געוואר ווערין צו הדסהן האטש איר טרייסטין אביסעל? אונ אפילו מיך לאזט זיא אויך ניט געהן? הא? וואס זאל דאס שוין הייסען? (פויזע נעמט ארוים דיא צווייטי האנד זאגט מיט א בייזער) נור וואס דארף איך דא קלערין? סע מיין געשעפט? מיין עסק; אבי איך וויים אז איך בין קיין מאהל ניט הונגעריג איז שוין גוט! עסין האב איך? טרינקען האב איך? א קישען אויף דער זייט אויך? נוא וואס נאך דארף איך הא? (פראדיל קומט אריין פון גלאווני מיר געקליידעט וויא א יודעשי מאדאם מיט א פארוק אויף דעם קאפ) :

---



# צווייטער אויפטריט

## פראדיל אונד דער פאריגער פערזאן .

**פראדיל** (לאזט זיך צו נעהן צוא אים) דוד וועלווילע! אפשר ביזטו הונגעריג;

**דוד וועלוויל** (קערט זיך האלב וועק פון איר מאכט מיט ביידע הענד) א ווייטער עסין, אונ נאך אמאהל עסין! איך האב דאך ערשט אפ גיגעסין, וויא זשי לענט בען שוין אזוי גיך ווידער?

**פראדיל** (מיט א שמייכיל) ווייס איך? איך האב געמיינט אפשר חלשט דיר שוין דאס הערצעלי!

**דוד וועלוויל** (שטעלט זיך געגין איר. דיא הענד פאר באקום): זאגט מיר נור מומע, פאר וואס האט איר מיר איצטער אזוי ליעב בעקומען?

**פראדיל** (מיט א שמייכיל) הא! נאריש קינד מיינס! וועהמען דען שוין האב איך צו ליעבען אז ניט דיר? איך האב גאר קיין קינדער ניט, דיין טאטי האט מער ניט וויא דיך אליין, וועסטו דאך זיין דער קדיש אונזעריר דער פאר האב איך דיך אזוי ליעב! (קישט אים אין קאפ) מיינע ביינער זאלסטו נור איבער לעבין רבונו של עולם! (נעהמט אים אן ביי איין האנד שטעלט זיך מיט אים לינקס האלב זייטיג צום פובליקום) הערסטו מיין קינד, אפשר שיקט דיך דער טאטי אז דוא זאלסט געהן געוואויר ווערין צו דיין שוועגערין זאלסטו ניט געהן!

**דוד וועלוויל**. פאר וואס זאל איך ניט געהן?

**פראדיל**. נארילע, אז דוא וועסט צו איר געהן וועט זיא דיך איבער רעדין אז דוא זאלסט איר געבין חליצה אהן א קאפיקע געלד!

**דוד וועלוויל**. נוא איך וועל טאקי געבין חליצה אהן געלד, אלימיא הט זיא מיר גיגעבין אהן געלד עסין ווען איך האב געוואלט?

**פראדיל** (מיט פערדראס) ביזט א נאר, דאס האט זיא דיר גיגעבין ביז וואנען דיין ברודער האט געלעבט, ווארין ער האט דאס איר געהייסען, אצונד אבער וועט זיא דיר אויף אירע אויגען ניט לאזין אפילו. ווארין דוא קערסט זיך שוין מיט איר גאר ניט אן, דרום דארפסטו זעהן ארוים צו באטעוועען דיין ברודערס פארמעגען פון איר, ווארין איידער א פרעמדר זאל אים ירשינען איז דאך גלייכער א אייגעניר

ברודער

ברודער! פארשטייסט?

דוד וועלוויל, ביי וואס זשע וועט זיא בלייבען!

פראדיל (מיט א בייזער) וואס האסטו איר צו פערזארגען? זיא איז א שוועסטער דיינע וואס? אט זארג בעסיר פאר זיך! דוא ווייסט אז דוא בעקומסט דעם נאמין חלוץ?...

דוד וועלוויל (לאכט) נוא וועט מען מיך רופען דוד וועלווילע חלוץ!...

פראדיל, יא דוא לאכסט, אז אך אונ וועה מיינע שונאים איז דיין גילעכטיר! וועד וועט דיך שוין נאכדעם וועלין נעהמין? אז דוא וועסט זיין א ארימער חלוץ? דער טאטי קען דיר אצונד קיין געלד ניט געבין, ווארין ער האט אליין ניט, אונ א האפענונג אויף שפעטיר ער זאל דיר געבין, קענסטו אויך ניט האבין, ווארין דער פאדוואל וואס ער האט, איז ער מעריר אויף אים שולדיג וויא ער טרעפט אן, קענסטו זיך חלילה פערזיצען א בחור! אבער אז דוא וועסט מיך פאלגין, וויא איך לערין דיך, וועסט זיך איין שפארין אז דוא ווילסט איר ניט געבין קיין חליצה ביז זיא וועט דיר אוועק געבין דיא טויזענד קערבליך וואס יאנקיל האט געבראכט פון דעם וועג, אונ איר גאנץ צירונג וואס יוסף האט איר געשיקט צו דער חתונה וועסטו דאס מיר געבין צו בעהאלטין, וועל איך דיר גאנץ שיין אוים קליידין אונ פאר דיר נאך זיכען א שיינעם שידוך וואס זאל אונז אלעמין אן שטיין. וועסט נעהמין א שיינע כלה. מיט א פאר טויזענד קערבליך נדן וועסט ווערין א פארטיגער עושר! נוא פאלגסטו מיך דוד וועלווילע?

דוד וועלוויל (האלט אראפ געלאזין דיא אויגען, שפילט זיך מיט א ציצע) איך האב אבער מורא טאמיר וועט זיא מיר ניט וועלין געבין?

פראדיל, דער פאר זארג דיך ניט, זאל דאס זיין דיין לעצטי דאגה, זיא וועט קיין אנדער ברירה ניט האבין, זיא וועט דיר מוזין אפ געבין אלס דינג וואס דוא וועסט פון איר פאדערין! ערשטענס, האט זיא שטארק געליבט איר מאנן וועט זיא אים אצונד ניט לאזין ליגען מיטין פנים אראפ אין קבר, אונ צווייטענס: איז זיא דאך נאך יונג וועט זיא דאך וועלין חתונה האבין, מוז זיא דאך פריער ביי דיר חליצה נעהמין, פערשטייסטו שוין?

דוד וועלוויל (שאקילט מיטין קאפ, אראפ געלאזין דיא אויגען:) יא יא איך פארשטעה שוין!

פראדיל



פראדיל, אבער פאלגסטו מיך, פרעג איך?

דוד וועלוויל (מיט דער פאריגער פאזע) איך פאלג, איך פאלג!

פראדיל (גלעט אים פארין קאפ) אז דוא וועסט מיך פאלגין מיין קינד אונ טהון וויא איך לערין דיך וועסטו מיר שפעטיר דאנקין! וועסט זאגין: אט וואס פאר טרייע מומע איך האב! צעהן מאהל טרייער וויא איין אייגעני מוטטער! מאלט דעך, האסט דאך א טאטין ביז הונדערט אונ צוואנציג יאהר, ניחייא וואלט ער דאס פאר ניגעבין דיר פריער? ניין! ער האט דיך אפילו גאר ניט אין זינען, פון זיינעט וועגין מעגסטו פאר זיצען א בחור, הארט אים אויך גאר ווענינ, איך אבער, ווייסט איין גאט דעם אמת אז איך בין טרייא מיט מיין גאנצין לעבין, איך וויל דיך דערלעבין צו זעהן מיט א ווייב זיצען אונ פון דיר זעהן א גאנצין דור! פון וועהמין דען קען איך דאס דער לעבין אז ניט פון דיר? אז מיך הט גאט געשטראפט איך זאל זיין א בעזדיעטניצע! (ווישט זיך דיא אויגען, קוקט ארויף) נור א דאנק דיר גאטטעניו דער פאר! מסתמא בין איך מער ניט ווערטה! איך זאל חאטש פון אים (קוקט צו דוד וועלוולין) דער לעבין א שטיקעלי נחת (זיפצט).

דוד וועלוויל (האלט אירע האנד) שאט מימעניו וויינט ניט, איך זאג אייך צו אז איך זאל אייך שטענדיג פאלגין ווי איך אזוי לעבין!

פראדיל, יא יא מיין קינד אזוי מיין איך. נור געדענק זאלסט פאר קיינעם זיך ניט אוים רעדין אז איך האב דיך אן גירעדט אז דוא זאלסט ביי א הדסהן געלד פאדערין פאר חליצה געבין! (לאזט זיך געהן צום זייטין טיר).

דוד וועלוויל. ניין ניין איך וועל ניט אוים זאגין!

פראדיל (אב).

## דריטער אויפטריט

### דוד וועלוויל זעלבסט.

דוד וועלוויל (אלס פראדיל איז אב געגאנגין שטעלט ער זיך נעבין טיש, מיטין געזיכט צום פובליקום, דיא הענד אינטער זיך, שמייכעלט:) איך וועל שוין אויך האבין געלדט! יא יא, טאקי

אסאך

אסאך געלדט! טויזענד קערבליך מיט אפשר פאר 200 קערבליך צירונג ?
אלע חברים וועלין מיך פרעגין: "דוד וועלוויללע! וויא קומט צו דיר
אזוי פיל געלד?" וואס האט צו אייך? וועל איך ענטפערין, עס איז
אייער עסק? (טרייבט מיט איין האנד) אוועק! איר זענט שוין ניט מיין
געלייבען! (פויזע, האלט זיך מיט איין האנד אונטער דיא מארדע:)
שטייא מע דארף דער ווייל בעקלערען וואס איך זאל טהון שפעטיר
מיט אזוי פיל געלדט, וויפיל האב איך? יא, טויזענד מיט צוויא
הונדערט קערבליך און צווייא טויזענד קערבליך זאגט דיא מומע אז
מען וועט מיר געבין נדן. וועל איך אזוי טהון. איך וועל חתונה
האבין מיט א שיינע כלה, אבער ביים טאטין וועל איך מער ניט זיין
וואס טויג דאס מיר? דיא מומע פארטעלט מיר דיא ביינער פאר
א שטיקעל ברויט אז איך נעהם, אצונדערט גיט זיא מיר אפילו! יא
גענוג עסין. איך ווייס אבער ניט אויב זיא וועט שוין טאקי אויף
תמיד צו מיר גוט זיין, איך וועל מיך בעסיר באזעצין בייא מיין שוועער
(טראכט) נור אפשר האט ער אויך א שלעכט ווייב? און אפשר קען
זיא נאך שלאגין אויך? אוי פאר שלאגין האב איך טאקי שטארק
מורא! ניין! איך וועל מיך בעסיר באזעצין אין א בעזונדער שטוב,
יא יא אזוי בלייבט דאס. איך וועל מיר זיין אליין א בעל הבית'ל,
(פויזע) אצונד וואס טהוט מען אבער מיט אזוי פיל געלד? אט איז
א קשיא! (שאקעלט זיך) כדומה, למשל אשטעגיר, איך זאל ווערין
א סוחר פון געוואנט בין איך דאך אבער ניט געניט אין דעם מסחר,
דארף איך שוין צו נעהמין צו זיך א שותף וואס ער זאל אין דעם זיין
געניט, וועל איך דארטין מיט אים פארין קיין ביאלאסטאק נאך
סחורה, וואס זשע וועל איך אבער טהון אז איך וועל אויך שטארבין
אויפין וועג אזוי וויא מיין ברודער יוסף?... שלעכט! דער מסחר
טויג פאר מיר ניט! (טראכט) זאל איך מיר אויך מאכין אזא פאדוואל
פון בראנפין אזוי וויא מיין טאטי האט, דאס וואלט שוין אפילו פאר
מיר געוועין א גוט געשעפט, אויף בראנפין בין איך דאך פון קליין
וויים אן א מבין. איך נעהם אים נור צו דיא ליפפען, זעה איך, וויא
באלד אז איך פער הוסט מיר ביים ערשטין זופ ווייס איך אז דער
בראנפין איז גוט. קיים ניט טויג ער אויף כפרות! וועל איך שוין
קיין שותף ניט דארפין האבין. און ערגיץ אנדערש פארין וועל איך
אויך ניט דארפין, ווארין דער בראנפין קומט אליין צו פארין, איז
שוין דובט זיך גוט הא? (טראכט) ניין דער בייא איז אויך פערבאן





א חסרון, אבער טאקי א גרויסער!... אשטעגיר למשל אז איך וועל
קויפען עטליכע צעהנדלינג פעסיר מיט בראנפין וועט מען זייא דארפין
אויף שטריק אראפ לאזין צו מיר אין פאדוואל, וואס זשע וועל איך
טהון אז דיא שטריק וועלין זיך גאר בעת מעשה איבער רייסין, און
דיא פעסיר וועלין צו בראכין ווערין? בין איך דאך אוים גישטעלט
מיט דיא ביינער! פאלאזשים בייא מיין טאטין האט דאס נאך קיין
מאהל ניט געטראפין, אבער בייא מיר ווייס איך אז עס וועט יא
טרעפין, ווארין איך בין א אונגליקליכער פון תמיד אז ווען איך שפיל
אין דריידיל מיט דיא קינדער, פאלט בייא מיר שטענדיג נור: "נון, און
"שין, און ווען איך שטעל אויף עפים א נומער פאר שפיל איך!
(טראכט) א איך האב שוין א גוט גישעפט! (נעהמט אראפ דיא האנד
פון מארדע) איך וועל מיר קויפען א הויז, יא יא דאס איז טאקי דאס
בעסטי גישעפט פאר מיר, מען קען דאס קיין מאהל ניט א וועק
גנבינען בייא מיר, ניט צו ברעכין קיין מאהל, און געלד וועל איך
פון דעם שטענדיג צאפין, וויא מיין טאטי צאפט פון קראנט בראנפין,
און וועלכער שכן עס וועט מיר ניט געבין קיין געלד, וועל איך זאגין:
ארויס וואן! דוד וועלוויללע האלט ניט אומזיסט קיין שכנים! (מאכט
מיט איין האנד וויא ער טרייבט יעמאנדין) ניין ניין! בייא מיר זיצט
מען ניט אהן געלד! וועל איך שרייען, וואן געהט! (פראדיל קומט
אריין דורכין זייטין טיר געקליידעט וויא פריער).

## פירטער אויפטריט

### פראדיל אונד דער פאריגער

פראדיל (געהט צו אים צוא) וואס האסטו עפים געשריגען אזוי שטארק
דוד וועלוויללע? איך האב אזש אין צווייטין שטוב געהערט
דיין קול, עפים האסטו געשריגען וואן געהט, צו וועהמין איז דאס הא?

דוד וועלוויל (פאר שעמט) ניין ניין איך האב ניט געשריגען, זאל
איך אזוי לעבין.

פראדיל, שעמען מעגסטו זיך חלעבין, א מומע ווילסטו נארין
מעגמען דאס?

דוד וועלוויל. ניין ניין איך וויל אייך ניט נארין, איך האב פארגעסין,
איך האב טאקי געשריגען, עס האט זיך מיר אוים
געוויזען אז איך שלאף און האלט אין האנד דאס גאנצע געלד וואס

הֲדַסָּה הָאט מִיר גִיגֶעבִּין , פְּלִיצְלוּנְג קוּמְט אֵיינֶער אוּנ בֶּעט מִיר אַז אִיךְ זָאל דָאס אִים אַוֶועק גֶעבִּין , הָאבּ אִיךְ דָאס צוּ אִים גֶעשְׁרִיגֶען וָואן גֶעהְט ! . . . .

**פְּרַאדִיל** (מִיט אַ שְׁמֵייכִיל) נִישְׁט קָשֶׁה שְׁרֶעק דִיךְ נִיט מַיין קִינְד , דַיין גֶעלְד וֶועט קֵיינֶער נִיט צוּ גֶעהְמִין , וָוארִין אִיךְ וֶועל דָאס הָאבִּין בַּייא זִיךְ . (הֲדַסָּה קוּמְט אַרַיין דוּרְכִין גַלַאווּנִים טִיר , גֶעקְלֵיידֶעט אִין טְרוֹיעֶר מִיט אַ שְׁוַוארְצִין שַׁאל) .

# פִינְפְטֶער אוֹיפְטְרִיט

## הֲדַסָּה אוּנ דִיא פָארִיגֶע .

**הֲדַסָּה** (אַלְס זִיא קוּמְט אַרַיין קוּקְט זִיא זִיךְ אוּם רֶעכְטְס , נַאכְהֶער לִינְקְס וִויא דִיא צְוֵוייא פֶערְזָאנֶען שְׁטֵייהֶען , אִיר עֶרְשְׁטִיר בְּלִיק פַאלְט אוֹיף דָוִד וֶועלְוְולִין , זִיא לָאזְט זִיךְ צוּ אִים צוּ גֶעהְן) .

**פְּרַאדִיל** (אַלְס.זִיא עֶרְזֶעהְט הֲדַסָּהן אַרַיין קוּמֶען , רוּקְט זִיא זִיךְ פוּן אִים אָפּ , אוּנ אַלְס זִיא עֶרְזֶעהְט זִיא צוּ אִים צוּ גֶעהְן , גֶעהְט זִיא צוּ צוּם טִישׁ נֶעמְט אַ שְׁטוּל , שְׁטֶעלְט דָאס אִין דֶער זַייט פוּן רֶעכְטְס , זֶעצְט זִיךְ דְרוֹיף) .

**דָוִד וֶועלְוְויל** (אַלְס עֶר זֶעהְט הֲדַסָּהן נֶעבִּין זִיךְ , וַוארְפְט עֶר אַ בְּרוֹיגֶז דִיגֶען בְּלִיק אוֹיף אִיר , נָאךְ הֶער לָאזְט עֶר אַרָאפּ דִיא נָאז , שְׁפִּילְט זִיךְ מִיט אַ צִיצֶע) .

**הֲדַסָּה** (שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיף דֶער זַייט גֶעגִין אִים , שָׁאקֶעלְט מִיטִין קָאפּ , רֶעדְט מִיט אֵיין שְׁוַואכִין טָאן :) אַפִּילוּ דָוִד וֶועלְוְויל הָאט שׁוֹין פַארְגֶעסִין אִין דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער הֲדַסָּהן ! (זִיפְצְט) .

**דָוִד וֶועלְוְויל** (אִין דֶער פָארִיגֶער פָּאזֶע) וָואס זְשִׁי קֶען אִיךְ אַייךְ הֶעלְפִין ?

**הֲדַסָּה** (קוּקְט אוֹיף אִים מִיט אַ שְׁמֶערְצְפַאלֶען בְּלִיק) שְׁטֵייטְשׁ , שׁוֹין דְרַייא חֳדָשִׁים זִינְד דֶער אוּנְגְלִיק הָאט מִיךְ גֶעטְרָאפִין אוּנ דוּא בִּיזְט נִיט אֵיין מָאהְל גֶעקוּמֶען גֶעוָואר וֶוערִין צוּ מִיר ! אִיךְ פֶערְגִים טַייבִין טְרֶערִין אִין מַיין אֵיינְזַאמְקֵייט אוֹיף מַיין טְהֵייעֶרִין מַאן אוּנ דוּא אַ אֵיינְעֶנִיר בְּרוּדֶער זַיינֶער הָאסְטוּ נִיט גֶעוָואלְט דִיא גַאנְצֶע צַייט צוּ מִיר קוּמֶען חָאטְשׁ אַ פָּאר טְרֶערִין בַּייא מִיר פֶערְגִיסֶען ?

**דָוִד וֶועלְוְויל** . מַחֲמַת אַז אִיךְ וֶועל שׁוֹין וַויינֶען וֶועל אִיךְ אִים דֶען לֶעבֶּעדִיג מַאכִין ?

הדסה



**הֲדַסָּה** , אִיךְ וַוייס אַז נֵיין , אָבֶּער דָאס פָארֶערְט דֶער סָאוֶועסְט , עֶר אַז עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט אִיז עֶר דִיר גֶעוֶוען טְרַייא מִיט זַיין גַאנְצִין לֶעבִּין הָאסְטוּ אַלֵיין גֶעזֶעהֶען , דַארְפְסְטוּ אִים טְרַייא זַיין נָאךְ זַיין טוֹידְט !

**דָוִד וֶועלְוְויל** , נוּא נוּא אִיךְ וֶועל שׁוֹין אַמָאהְל קוּמֶען צוּ אַייךְ וַויינֶען . . . .

**הֲדַסָּה** . נִיט דֶער מִיט מֵיין אִיךְ וֶועסְטוּ אַרוֹיס וַוייזֶען אַז דוּא בִּיזְט אִים טְרַייא ! אַז דוּא וֶועסְט מִיר בַּאלְד גֶעבִּין חֲלִיצָה כְּדֵי עֶר זָאל נִיט דַארְפִין לִיגֶען מִיט דֶעם פָּנִים אַרָאפּ אִין קֶבֶר לוֹיט דִיא מוּסָר סְפָרִים שְׁרַייבֶּען אָט דָאס וֶועט פוּן דִיר הֵייסִין אַ טְרֵיישַׁאפְט צוּ אִים !

**דָוִד וֶועלְוְויל** (קוּקְט אוֹיף אִיר הַאלְבּ קָאמִישׁ) וָואס זְשִׁי וֶועט אִיר מִיר דֶער פַאר גִיבֶּען ?

**הֲדַסָּה** (טְרֶעט אָפּ אַ שְׁפַּאן צוּרִיק , שְׁרַייט אוֹיס צוּ שְׁרֶאקִין) דָוִד וֶועלְוְויל ! דוּא זָאלְסְט אַזַא זַאךְ פְרֶעגִין בַּייא מִיר ?

**דָוִד וֶועלְוְויל** (מִיט שְׁטָאלְץ) פַאר וָואס דֶען נִיט ? אִיךְ וִויל אוֹיךְ הָאבִּין גֶעלְדְט ;

**הֲדַסָּה** (נָאךְ אַ קוּרְצֶע פּוֹיזֶע , קוּקְט אוֹיף אִים) וֶוער הָאט דָאס דִיר אָן גִירֶעדְט אַז דוּא זָאלְסְט בַּייא מִיר פָאדֶערִין פַאר חֲלִיצָה גֶעבִּין גֶעלְדְט ?

2623

**דָוִד וֶועלְוְויל** . דִיא מוּמֶע . . . . .

**פְּרַאדִיל** (לוֹיפְט הַאסְטִיג צוּ אִים צוּא , ווִינְקְט צוּ אִים מִיט דִיא אוֹיגֶען , פֶערְבַּייסְט מִיט דִיא לִיפֶּען) וֶוער ? וָואס ? וֶוען ? וֶועלְכֶע מוּמֶע ? וָואסֶערֶע מוּמֶע ; אִיךְ הָאבּ דִיר אָן גִירֶעדְט ? אִיךְ ; . . . דוּא אַ לִיגְנֶער !

**דָוִד וֶועלְוְויל** (צוּ שְׁרֶאקִין) נֵיין , נֵיין , נֵיין ! דָאס הָאט מִיר קֵיינֶער נִיט אָן גִירֶעט אִיךְ אִיךְ אַלֵיין , זָאל אִיךְ אַזוֹי לֶעבִּין !

**פְּרַאדִיל** (גֶעהְט צוּרִיק אוֹיף אִיר אָרְט) .

**הֲדַסָּה** (וֶוענְדֶעט זִיךְ צוּ אִיר אַלְס יֶענֶע גֶעהְט צוּ אִיר אָרְט) אָ ! וָואס פַאר אַ בֵּייז הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעטְהוּן ? וָואס הָאט אִיר צוּ מִיר פַאר וָואס קוּמְט דָאס מִיךְ צוּ רַאבֶּעוֶוען ? נָאךְ וֶועניג בִּין אִיךְ שׁוֹין אוּנְגְלִיקְלִיךְ ?

**דָוִד וֶועלְוְויל** (שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגִין אִיר , הַאלְט אִיר בַּייא אֵיין הַאנְד) נֵיין נֵיין שְׁוֶוגֶערִין , זִיא אִיז גָאר נִיט שׁוּלְדִיג זָאל אִיךְ אַזוֹי לֶעבִּין , אִיךְ הָאבּ מִיר אַלֵיין אַזוֹי אָן גִירֶעדְט !

הדסה

הדסה (רייסט אויס אירע האנד) אזוי בעצאהלסטו מיר פאר מיינע מוטערליבע ליעבע? וואס איך האב דיר געוויזען? פאר דעם נוטם וואס איך האב מיט דיר געטהון? איך האב דיר גיגעבין עסין, גיגעבין געלד, האב דיך איממער בעדויערט וויא איין אייגען קינד מיינס, זאלסטו אצונד ביי מיר פאדערין געלד פאר חליצה געבין בשעת איך בין געבליבען אזוי עלענד און אזוי דערשלאגין?

דוד וועלוויל (שטעלט זיך געבין טיש מיטין געזיכט צום רעכטין זייט וויא פראדיל זיצט און וויא הדסה שטייט).

הדסה (אלס ער שטעלט זיך נעבין טיש דרעהט זיא זיך אויס צו אים מיטין פנים).

דוד וועלוויל (דרעהט מיטין קאפ) א ווא; א טהייערי מציאה! האט מיר א מאהל גיגעבין עסין! אז איר וועט אמאהל צו מיר קומען הונגעריג, וועל איך אייך אויך געבין עסין!..

הדסה (קוקט צו אים מיט פעראכטונג) א דוא גראביר נארר! ניט דער לעבין זאלין מיינע שונאים אז דוא זאלסט מיר דארפין געבין עסין! נא דיר צוויא הונדערט רובל און קום געב מיר חליצה! (ווארפט אראפ דעם שאל פון קאפ אויף דיא שולטערין, בלייבט שטיין אין א זיידין שווארץ טיכעל).

דוד וועלוויל (אין דער פאריגער איראנישער פאזע) א ווא! אזש צוויא הונדערט קערבליך!

הדסה (מיט שמערצין) וויפיל זשע דען זאל איך דיר געבין דוא הארטער מענש! נא דיר נאך הונדערט, און לאז נעהמין א נעק!

דוד וועלוויל (קוקט אויף פראדלין).

פראדיל (ווינקט צו אים פון ווייטין מיט דיא אויגען אויף "ניין", טופעט שטיל מיטין פוס).

דוד וועלוויל (צו הדסהן) ניין ניין! נור דיא גאנצע טויזענד קערבליך וואס יאנקיל האט אייך צוריק געבראכט פון וועג זאלט איר....

הדסה (פערהאפט) א דוד וועלוויל! איך ווייס אז ניט דיין אייגענער שכל, נור נור שלעכטע מענשין, אומזיסטיגע שונאים מיינע האבין דיך אזן גירעדט אז דוא זאלסט מיך בערויבען! (ווענדעט זיך צו פראדלין) א ערבארעמט אייך אויף איין אונגליקליכע אונד עלענדע פרוי!...

פראדיל



פראדיל (שטייט אויף פון ארט שפאצירט נעבין איר שטול הין אונד צוריק)

דוד וועלוויל (שפרינגט איר אונטער א געגין) זאל איך אזוי לעבין שוועגערין אז קיינער האט מיך ניט אויס געלערנט! איך האב אליין אויך שכל! מיינט ניט אין אמתין אז דריבער וואס איך שפיל מיך מיט דיא קינדער אין בלינדזיגקייט בין איך נאך אויך א קינד! איך האב שוין טאקי שכל וויא א גרויסער! איך וויל חתונה האבין און זיך קויפען א הויז פערשטייט איר מיך!

הדסה, א דוד וועלוויל! איך דער קען פארט פון דיינע רייד אז מען האט דיך אזן גישטעלט! א נים פאלג דיא שונאים יונגעס קינד? ניט לערין זיך פון יוגענד אן שלעכטעס צו טהון! ניט רויב פון איין אונגליקליכע דיא לעצטי נשמה אוועק! נעהם דיר האלב פון דעם געלד, און האלב לאז מיר חאטש בלייבען! איך וועל מיר מאכין א קרעמעל איך זאל מיר האבין פון וואנען צו ערנערען זיך; איך בין דאך א וויסטע יתומה! צו וועמען קען איך מיך ווענדין אום הילפע? בארעכין דאס דוד וועלוויל, און האב רחמנות! (וויינט ווישט זיך דיא אויגען).

דוד וועלוויל (שטייהענדיג געגין איר, לאזט אראפ דעם קאפ, שווייגט).

פראדיל (געהט שטיל אונטער, אונטער אים, הדסה זאל ניט זעהן, גיבט אים א שלעפ ביים ארבע כנפות. געהט באלד צוריק אויף איר ארט זעצט זיך).

דוד וועלוויל (מאכט געגין הדסהן מיט איין האנד) עס וועט אייך ניט העלפין שוועגערין קיין וויינען און קיין קלאגין, אז איר וועט מיר ניט אוועק געבין אייערי טויזענד קערבליך מיט אייער גאנצין צירונג וועל איך אייך ניט געבין קיין חליצה!

הדסה (גיבט זיך א חאפ ביים קאפ) גאטט וואס הער איך? און דאס צירונג ווילסטו ביי מיר אויך אוועק נעהמין? א פינסטער איז מיר און ביטטער! (וויינענד) פאר וואס קומט דאס מיר אזוי אפ צו ראבעווען? איך האב דאך גיגעבין צו מיין חתונה יוספין 600 רובל מזומן און פאר 200 רובל צירונג וואס עס איז מיר געבליבען פון מיין מאמין און אים האט דיין פאטיר מער ניט גיגעבין וויא 600 רובל געלד נעהם דיר צו זיין געלד, אבער מיינס נעהם חאטש ניט! וואס האסטו צו מיר?

דוד

**דוד וועלוויל** (לאזט אראפ דעם קאפ, בייסט זיך די נעגעל. שווייגט).

**פראדיל** (שטייט אויף פון ארט, געהט אונטער, אונטער אים בגניבה, גיבט אים א שלעפ פון אינטין ביים ארבע כנפות' געהט באלד צוריק זעצט זיך).

**דוד וועלוויל** (צו הדסהן, מאכט מיט ביידע הענד און מיטין קאפ) איך ווייס ניט קיין גליקען! דאס איז איין מאהל פאר אלע מאהל! איר קענט מיר געבין די טויזענד קערבליך מיט אייער צירונג איז גוט! און אז ניט דארף מען ניט! (געהט צו צום לינקען זייט. זעצט זיך אויף א שטול וועלכע שטייט נעבין טיש).

**הדסה** (גייהענדיג צו אים, שפרייט אויס אין דער הויך די ביידע הענד שרייט.) א יאזעף יאזעף! ערוואך זיך פון דיין לאנגען שלאף. שטעה אויף פון דיין קבר און זעה וויא טיראניש דיין ברודער בעהאנדעלט דיין הדסהן! (פאלט אויף די קניהען ניט ווייט פון אים, שפרייט צו אים אויס די הענד:) א האב רחמנות דוד וועלוויל! ווען דוא ווילסט מיך שוין יא אפ ראבעווען זא נעהם דיר צו פריער מיין לעבין! נא דיר מיין הארץ. נעהם א מעסיר און שטעך דעם אריין! און זאל געהמין א נעק מיין אונגליקליך לעבין! (וויינט. שמואל זרח געקליידעט וויא אין די ערשטי צוויא אקטין קומט אריין דורכין זייטין טיר, און דער זעהט באלד די קניהענדע הדסהן).

## זעבסטער אויפטריט

### שמואל זרח אונד די פאריגע.

**שמואל זרח** (לויפט צו צו הדסהן) וואס זאל דאס בעדייטען הא?

**הדסה** (שטייט אויף) א רעטעט מיך שוועהר! ווארין איך בלייב די אונגליקליכסטע אויף דער וועלט! אייער זוהן וויל מיך אפ רייסען פון קאפ ביז פים פאר חליצה געבין! האט רחמנות א גוטער מענש רעטעט מיך פון אים!

**שמואל זרח** (צו דוד וועלוולין, געהט צו אים צוא) דוא זאלסט ביי איר ניט נעהמין וואס א גראשין האט די ווערטה דוא הערסט וואס איך זאג? און שוין געה און געב איר חליצה!

**דוד וועלוויל** (שטעלט זיך אויף הייבט מיט די אקסלען) איך וועל איר ניט געבין! (זעצט זיך).

שמואל



**שמואל זרח** (מיט כעס) דוא הונד איינער! א טאטין וועסטו ניט פאלגען? (הייבט אויף די האנד אים צו שלאגין):

**פראדיל** (לויפט שנעלל אונטער. שטעלט זיך אין דער מיט צווישען פאטיר אונד זוהן, מיטין פנים צום מאנן, האלט אים צו די האנד, שרייט אויס:) איך וועל אים ניט לאזין שלאגין! דאס קינד האט רעכט! ער בלייבט א חלוץ, ווער וועט אים נאכדעם נעהמין ע״ן אזן געלד?

**הדסה** (שטייט נעבין טיש געגין פובליקום, הייבט די אויגען ארויף. די הענד אין דער הויך:) גרויסער גאטט! מיינע שונאים שטארקען זיך זייער אויף מיר, א האב רחמנות גיב מיר שוין דעם טוידט! (לאזט א ראפ דעם קאפ מיט די הענד).

**שמואל זרח** (שטופט אוועק פראדלין, רייסט דוד וועלוולין פאר איין האנד) דוא זאלסט פאלגען א טאדטין הייס איך! (הייבט אויף נאכמאלס די האנד צו שלאגין) ווארין איך מאך פון דיר א הורג דא אויף דעם ארט!

**דוד וועלוויל** (לאזט אראפ דעם קאפ (שווייגט).

**פראדיל** (שטעלט זיך נאכמאלס אין דער מיט, מיטין פנים צו דוד וועלוולין, זאגט צו אים:) הער אים ניט דוד וועלווילע, האב קיין מורא ניט, ער וועט דיך ניט שלאגין! (מיטין פנים צום מאנן) און דיר זאג איך אז דוא זאלסט זיך ניט מישען אין דער חליצה! הערסטו שמואל זרח? געדענק, זאג איך דיר, ער ווערט א חלוץ און דורך דיר וועט ער בלייבען א בחור ביז אין טוידט! ניט פאר נעם אז מער קיין קינדער א חוץ אים האסטו שוין ניט, און דוא ווערסט מער ניט האבין, און צום סוף ווילסטו דעם איינעם נאר לעבעדיגער הייט בעגראבין!

**שמואל זרח**. שטייטש ער מוז דאך אבער חליצה געבין, דער טוידטער ליגט דאך מיטין פנים אראפ אין קבר!

**פראדיל**. נוא אין וועהמין איז די סניעה? איך הייס דאך אים אליין געבין חליצה. און ער וויל איר געבין, אבער אויף דעם אופן אז זיא זאל אים אפ געבין די טויזענד רובל מיט איר צירונג, כדי ער זאל נאכדעם קענין קומען צו א לייטעשין שידוך און חתונה האבין...

**דוד וועלוויל** (האפט אונטער) און טאקי זיך קויפען א הויז!

**פראדיל** (רעדט ווייטער צום מאנן) ווארין דוא קענסט אים ניט

בעהילפיג

בעהילפינג זיין, האסט יעצט אליין ניט. און אהן געלד וועט אים קיינער ניט וועלין נעהמין. בלייבט ער דאך א ארימער חתן חער ווייסט אויף וויפיל יאהר?

**שמואל זרח** (לאזט אראפ דעם קאפ שווייגט).

**דוד וועלוויל** (רוקט זיך בגניבה ארוים דורך דיא זייטין טיר, געהט אב).

## זיבענטער אויפטריט

### דיא פאריגע אהן דוד וועלוולין.

**הדסה** (אלם פראדיל איז געווארין אנשוויגען) און איך בלייב דאך א ארימע אונד עלענדע חלוצה! פאר וואס וויל מען מיך ניט באערבינגען? אויף וואס פארט וועל איך איבער קומען? עס וועט דאך מיר אוים קומען נור אין וואסער אריין צו ווארפין זיך! וואס דען קאן איך טהון? מיט וועלכען לעבענם מיטעל וועל איך מיין נשמה קענין דער האלטין? (וויינט) א האט רחמנות מיין ליעבער שוועהר! לאזט ניט איבער רעדין אייער גוטען הערץ דורך שלעכטי רייד!

**פראדיל** (שטעלט זיך געגין איהר) פעלט דעך א ביסעל וויא זיא האט זיך צו פעסטעט! וואס איז דא פאר איין אונגליק? אז דוא וועסט יא אוועק געבין דאס געלד מיט דעם צירונג, נוא וואס זשי איז דיר שוין דא אזוי שלעכט? בלייבסט דאך ביי דיא קליידער און ביי דיין מעביל וועלכע טרעפין אוואדאי אן ארובל זעכם, זיבען הונדערט, וועסטו זייא פערקויפען, וועסט זיך מאכין א שטיקעל פרנסה וועסטו שוין האבין פון וואנען צו לעבין!

**הדסה**, א פינסטער איז מיר און ביטטער! וואס איך קאן שוין דער פון האבין! דיא מלבושים האבין מיר מער ניט געקאסט וויא 300 רובל צו דער חתונה, און דאס מעביל קאסט מער ניט וויא קין רובל, האט איר סך הכל 450 רובל, היינט שטעלט אייך פאר אז איך וועל דאס ארוים פירען אויף דעם מארק וועל איך דען מער וויא הונדערט רובל דער פאר האבין? בין איך דאך 90 רובל שולדיג פאר דרייא מאנהייט דירה געלד דעם בעל הבית בלייבט מיר נור איבער דיא 10 רובל, יא וויא! אויף זייא זאל איך שטעלין מיין גאנצען קינפטיגען לעבין? וועל איך דאך דארפין פאר הונגער אוים געהן!

**פראדיל** (גייהענדיג צום זייטין טיר) נישט קשה נישט קשה, וועסט

ניט



ניט אוים געהן פאר הונגער, האסט א שיין פעניטזול וועט זיך יאווען אויף דעם א רייכער חתן, (געהט אב).

## אכטער אויפטריט

### שמואל זרח אונד הדסה.

**הדסה** געהט צו אים צוא) מיין ליבער שוועהר, איר זעהט, זינד איך האב אייך דער קענט, געוועזען א גוטער מענש, און שטענדיג רחמנות געהאט אויף אונגליקליכע, זעהט דאס אצונד צו בלייבען אזוי, האט מיטלייד אויף א ארימע אלמנה לאזט איר ניט אפ רויבען! אייער ווייב איז מיר א שרעקליכער שונא איך ווייס ניט פאר וואס. און איך ווייס אז נור זיא האט אן גירעדט דוד וועלוולין ער זאל ביי מיר פאדערין געלד, איר קאנט אים אבער איבער רעדין, איר זענט א פאטיר אים, א מיט א פאר ווערטער קאנט איר מיך ענטוועדיר איבער געבין צום לעבין אדער צום טוידט!

**שמואל זרח** (שטעלט זיך נעבין טיש. נאך א קורצע פויזע) הער אוים הדסה, איבער רעדין דוד וועלוולען קאן איך ניט ווארין ער איז א גרויסער עקשן, איז מיר איין געפאלין אזא פלאן; דוא געב אים טאקי וואס ער פאדערט פון דיר און לאז ער דיר געבין חליצה, נור באלד אויף מארגען שטעל איך דיר צו אלעם וואס ער וועט ביי דיר נעהמין, צוריק, ווארין ביי זיך וועט ער דאך דאס ניט האלטין וועט ער דאס מיר געבין צו בעהאלטין, טראג איך דאס גלייך צו דיר באלד אפ א היים, אט דאס איז מיין עצה, און אויב זיא גיפעלט דיר, קום מיט מיר אריין צו אים און זאג אים אז דוא בעשטעהסט אויף דעם וואס ער פערלאנגט און זאל ער דיר געבין חליצה.

**הדסה** (נאך א קליינער פויזע) איר רעדט אפילו וויא א גוטער פריינד דארף רעדין נור זאל זיין געדולד ביז מארגען, ביז איך וועל מיך מיישב זיין, און אנב אפשר וועט אונז גליקען דוד וועלוולין איבער צו רעדין ער זאל חאטשע דיא צירונג פאר מיר לאזין, ווארין איך בין שטארק אין ספק אויב אייער עצה וועט אוים געפירט ווערין.

**שמואל זרח** (גייהענדיג צום זייטין טיר) דוא ביזט אין ספק, און איך בין גאנץ זיכער אז אויף דעם צווייטין טאג פון דער חליצה געבין האסטו צוריק דיין גאנץ געלד מיט דיין צירונג (אב).

הדסה

## נײַנטער אויפטריט

### הדסה זעלבסט.

הדסה (שטעלט זיך נעגען פובליקום נעבען טיש) א שטארקע פיינדין
איז מיר דיא שטיפמוטער זיינע. זעה איך ערשט יעצט! זיא
האט אים אן גירעדט אז ער זאל מיך אפ רויבען אונ ער דער נארר
האט זיך געלאזט אן רעדין פון איר. גאטט ווייסט אויב דער שוועער
וועט מיר עפּיס קענין העלפין. אויב ער וועט אים ניט וועלין געבין
דאס געלד בעהאלטין בין איך פערלארין! (לאזט זיך געהן צום
גלאוואני טיר) נור וואס זאל איך טהון? ניט נעהמין קיין חליצה בלייב
איך פערוויסט אויף עוויג: יא נעהמין, בלייב איך דער ווייל אין
גרעסטין ארימען צו שטאנד! (קומט צום טיר, דרעהט זיך אויס
מיטין פנים צום פובליקום, קוקט ארויף:) גאטט! אויף דיר פערלאז
איך מיך, שטעה מיר צו הילף! (אב. דער טיש מיט דיא צווייא
שטילען ווערין שנעלל אב גינומען א טאבלא הייבט זיך אויף, עס
ווערד פאר גישטעלט א קליין צימער אין דער מיט א טיר צווייא
בעטליך שטייהען רעכטס ווייט אפ געריקט פון וואנד אונ צווייא לינקס.
נעבען יעדין בעטיל שטייט אויף בארען א נידריג שאפקעלי, דרייא
בעטליך זענען פערצווינען מיט ווייסע לייליכער, אונ אויף דעם
פירדטען וועלכער איז דער לעצטע צום פובליקום זיצט יאזעף, אן
געצויגען אין שפיטולנע קליידער, דעם קאפ ארום געבונדען מיט
איין ווייסין טוך דאס פנים איז אים בלאס).

## צעהנטער אויפטריט

### יאזעף זעלבסט.

יאזעף (האלט ביידע הענד אויף דיא פיס, קוקט נעגען איבער:) איך
מעג אצונד מאכין דיא ברכה מחיה מתים, אז איך בין פון
טוידט לעבענדיג געווארין! פריער דאנק איך גאטט אונ דער נאך
דעם גוטען דאקטאר, וועלכער האט מיך גערעטעט פון טוידט, אונ
דאס איין געווענדעט אלע מיטלען אום מיינע וואונדען צו פערהיילען
וואס דער מערדער דער שותף מיינער האט מיר פערשאפט! (פויזע,
שאקעלט מיטין קאפ) אט וויא עס געבין זיך אויף דער וועלט שלעכטע
מענשין! וואס יעניר האט זיא קיין מאהל קיין בייזעס געדענקט צו
טהון



טהון אונ זיא דענקען אויף אים דעם טוידט! וויא פראקטיש מיין
הדסה האט מיט מיר א מאהל גירעדט, געדענק איך, אז אויף דער
וועלט געבין זיך אויס פילע מענשין מיט פרומע נארוזשנאסטין, אונ
מיט אינערליכע מערדערישע געדאנקין! זיא האט מיך געווארענט פאר
א זעלכע זיך צו היטען אלס איך וועל פון מיין געבורט שטאט ארויס
פארין, גלייך וויא איר הארץ האט איר נאך אויס געזאגט אז צו
א זעלכע וועל איך אריין פאלין אין דיא הענד! דער שותף מיינער,
אדער מערדער! וויא פרום ער האט פאר מיר זיך געוויזען, וויפיל
פריינדשאפט ער האט מיר געצייגט מיטין מויל, אונ דער דינער
מיינער וויא טרייא ער האט זיך געוויזען צו מיר, זייט ער איז מיין
דינער. האט אויך גענומען א טהייל אין דעם מארדטהאט! ער איז
געוועזין איין האנד אט א פנים מיט בארישען אז מען זאל מיך טוידטין
אונ מיט מיין געלד זיך צו טהיילען. מיין גליק וואר וואס דער דאקטאר
איז אן געקומען אונ האט דעם לעצטין פונק פון לעבין אין מיר אויף
געבלאזין, זאנסט, ווער ווייס וויא מיינע ביינער וואלטין היין געקומען!
אונ איך וואלט שוין קיין האפנונג געהאט אין מיינע מער[illegible] ראבע
צו נעהמין. יא איך וואלט מער ניט געקענט האפין צו זעהן מיין
אלטין פאטיר, מיין איינציגען ברודער, אונ מיינע טהייערי פרוי,
וועלכע זיא רעכינט מיך שוין אוודאי פאר א פערפאלענים פון איר,
אונ זיך פאר איין עוויגער עגונה! ניט איין מייך טרערין האבין שוין
אירע אויגען פערגאסען נאך מיר מסתמא! ניט איין טאג האט זיא אין
לויטער זיפצין אונ קרעכצין פארבראכט! אונ איך צו מיין אונגליק,
קאן איר דיא מינדעסטי נאכריכט פון מיר ניט איבער געבין! (פויזע)
איך ווייס גאר ניט פאר וואס דער דאקטאר לאזט מיר קיין בריעף צו
איר ניט שרייבען? ער זאגט אז נור עטוואס צו דענקען קען מיר שאדין
אויף מיין געזונד אך וויא פעראירט ער איז מיט זיין מיינונג! ווען ער
זאל מיר ערלויבען נור א פאר ווערטיר אויף שרייבען צו מיין הדסהן
וואלט איך דאך באלד געזונד געווארין! ער ווייסט ניט אז דאס
שווייגען פערשאפט נאך מיר גרעסערי וואונדען אין הארצין! ער איז
אזוי איין געבילדעט אין דיזען פאלשין מיינונג א אפילו א ווארט אויס
רעדין מיט אים ווען ער קומט צו מיר אריין, אדער מיט דעם לאקייא
לאזט ער מיר אויך ניט! (פויזע, מיט היץ:) ניין! איך קען דאס
שוין מער ניט אריבער טראגין! קומט היינט נור אריין דער דאקטאר
וועל איך אים בעטין ער זאל מיר ערלויבען צו רעדין, זאל מיר ערלויבען



א בריעף

א בריעף צו שרייבען, ווען ניט שרייב איך מיך אויס! (דער דאקטאר קומט אריין, געקליידעט אין איין אוניפארים).

## עלפטער אויפטריט

### דער דאקטאר אונד דער פאריגער.

**דאקטאר** (שמייכלענד, צו גייהענד צו אים) עס פריידעט מיך זייער יונגער מענש וואס איך טרעפ אייך ניט מער ליגען אויף דעם בעטיל (שפארט זיך אן נעבין שאפקעלי. געגין אים).

**יאזעף** (ערפריידט) א ענדליך רעדט איר שוין מיט מיר! איך דאנק אייך זעהר העררר דאקטאר פאר דעם גענאד! ביז יעצט האב איך פיל שמערצין געליטען דורך דעם שווייגען.

**דאקטאר**, איר ברויכט אבער ניט פאר אומגוט דאס אן צו נעהמין, איר דארפט ניט פאר געסין אז איר זענט געבראנעט געווארין אין קאפ, אייערי נערוועין זענען צערשטערט געווארין פון זייער ארט, האבין זייא געמוזט א צייט רוהע האבין ניכטס צו דענקען, דארורך האב איך אייך ניט געקענט ערלויבען צו רעדין אדער עטוואס צו קלערין אויף שרייבען.

**יאזעף**, אבער יעצט איז מיר שוין ערלויבט צו שרייבען, העררר דאקטאר?

**דאקטאר** (שטעלט זיך געגין אים) ווארט, איך וועל פריער בעטראכטין אייער ראנע (בינדט אים אפ דעם טוך פון קאפ, קוקט אים אויף דער פאטילנצע) יא יעצט דענק איך אז איר דארפט שוין ניט שרייבען, אייער ראנע איז שוין פערהיילט. איר קאנט צו הויזע רייזען!

**יאזעף** (שרייט אויס) גאטט! איך בין גליקליך! איך זעה מיך באלד מיט מיין טהייערי פרוי! (ראבט אים דיא האנד) איך דאנק אייך העררר דאקטאר פאר דער רעטונג וואס איר האט מיר גיגעבין!

**דאקטאר** (זעצט זיך נעבין אים) קיין דאנק קומט מיר ניט, דען איך האב געטהון מיין שולד וועלכעס דיא מענשהייט פאדערט מיר ערציילט ליבערסט וויא אזוי איר קומט אין וואלד, אונ ווער איז דער מערדער וואס האט אויף אייך געשאסין.

**יאזעף**, דער מערדער איז מיין שותף. איך בין מיט אים געפארין אהער קיין ביאלאסטאק נאך געוואנט קויפען. אויף דער





לעצמיר סטאנציע וואס פאר ביאלאסטאק, האט ער מיר געבעטין מיר זאלין זיך אפ שטעלין, אונ איך וואס האב אויף קיין שום געפאהר געדענקט האב דרויף איין געווילינט, מיר האבין זיך גיזעצט טרינקען טהעע, נאך דער טהעע איז ער ערגעץ פארשווינדען געווארין מיט מיין דינער אויף א האלבע שעה נאכהער איז ער אליין צוריק געקומען אונ מיך געבעטין איך זאל מיט אים א ביסעל זיך דורך געהן אין בילויזשער וואלד, איך האב אים דאס אויך צו ליב געטהון. נור קוים בין איך מיט אים אריין געקומען אין וואלד האט ער מיט מיר זיך אפ גישטעלט אונ מיר געזאגט אז איך זאל ווארטין אויף דעם ארט, אונ ער וועט געהן אויף זוכען א שעהנערין געגענד אויף פרישע לופט צו געניסען, ער איז אוועק געגאנגין איז צו מיר באלד אינטער געקומען מיין דינער, איך האב מיך מיט אים פארעדט, ער האט זיך א פאר מאהל אפ געדוקט פון מיר אונ איך האב ניט פערשטאנען וואס ער מיינט דער מיט. נור פליצלונג האב איך דער הערט אינטער מיר א שאס פון א רעוואלווער אונ איידער איך האב מיך ארום געקוקט, האט דיא קויל מיך געטראפין אין נאקין, איך בין געפאלין צו באדין אונ פון מיין קאפ האט אן געהויבען צו גיסען נאנצע טייכין מיט בלוט. איך האב אויס געשריען רעטעט! מיט אלע מיינע קרעפטין אונ בין באלד שטיל געבליבען, האב מיך מיט קיין גליד גיקענט ריהרען פאר שמערצין, דער דינער מיינער האט געחאפט מיין ראק אונ איז מיט אים אנטלאפין אין דעם ראק איז געלעגין טויזענד רובל מיין גאנצער קאפיטאל וואס איך האב געדענקט מיט אים מיין צוקונפט צו בויהען. איך האב אויס גישטרעקט מיינע הענד (ווייזט וויא אזוי) אונ נאך אמאהל אויס געשריען, אבער גאנץ שוואך, רעטעט! אונ בין נאכדעם אין אהנמאכט געפאלין, אונ וואס ווייטער מיט מיר איז געשעהן, וויא אזוי איר זענט פליצלונג אונטער געקומען צו מיר אונ מיך אהער געבראכט ווייס איך שוין ניט.

**דאקטאר**, אונ דיזעס קענט איר באלד וויסען, איך בין גראדע דאמאלס געגאנגין אין וואלד שפאצירען מיט מיין דינער, מיט א מאהל האב איך דער הערט א שאס פון א רעוואלווער אונ א שוואכין ווידערהאל "רעטעט", דא האבין מיר זיך ביידע געלאזין לויפין נאך דעם ווידער האל, אונ זענען צו אייך אן געקומען, מיר האבין שוין אבער קיינעם נעבין אייך געטראפין, איר זענט אליין געליגען נעבין א בוים פער באדין אין אייער בלוט, גאנץ שטיל ניט מיט קיין גליד גערירט. איך האב מיך צו גיהערט צו אייער הערץ אונ געזעהען אז איר

לעבט נאך, האב איך געשיקט מיין דינער אין שטאדט נאך א פור. און אייך אמפראוועט א הער אין שפיטאל, דא האב איך בעטראכט אייער ראנע און געזעהען אז זיא איז ניט געפעהרליך, איר ברויכט נור צו האבין רוה, האב איך דרום געשאפט מען זאל אייך אין דעם צימער איבער טראגין. (זיין דענשטשיג אין זעלניר קליידער קומט אריין מיט א קאנווערט אין האנד).

## צוועלפטער אויפטריט

### דער דענשטשיג און דיא פאריגע.

**דענשטשיג** (דער לאנגט דעם דאקטאר דעם קאנווערט) פון פאלקאווניק א בריף צו אייך, (אב).

## דרייצעהנטער אויפטריט

### דיא פאריגע אהן דעם דינשטשיג.

**דאקטאר** (רייסט אויף דעם קאנווערט) פון פאלקאווניק צו מיר א בריעף? נייעס! עפינט דעם בריעף לעזט אין אים: דאקטאר פיינהאלץ! אין 24 שטונדען דארף אונזער פאלק איבער געהן קיין בריסק, אלזא מאכט זיך פערטיג אין וועג. (לעגט אין קעשענע דעם בריעף).

**יאזעף** (פער וואונדערט) אייער פאמיליע איז פיינהאלץ?

**דאקטאר** (שמייכעלט) יא אזוי איז מיין פאמיליע, נור צוא וואס איז דיא פראגע!

**יאזעף** (מיט היץ) און אייער נאמין?

**דאקטאר**. מיין נאמין איז מאיר.

**יאזעף** (שרייט) גאטט וואס הער איך? מאיר פיינהאלץ הייסט איר? און אייער געבורט שטאט וויא הייסט?

**דאקטאר** (קוקט אים אן מיט ערשטוינען) מיין געבורט שטאט הייסט בריסק!

**יאזעף**. און א פאטער האט איר אויך?

**דאקטאר**. יא איך האב א פאטער מיט צווייא יונגערע ברידער פון זיך.

**יאזעף**. און זייערע נעמען?

**דאקטאר**. צוואר מיך אונדערט דיא פילע פראגען, דאך וועל איך

שוין



שוין ענטפערן אויף זייא און איך זאל וויסען נעגין וואס איר פרעגט, מיין פאטער הייסט שמואל זרח, איין ברודער דוד וועלוויל, און דער עלטעריר פון אים הייסט יאזעף...

**יאזעף** (נעהמט אים ארום שרייט אויס) מיין ברודער!...

**דאקטאר** (שטייט אויף האסטיג קוקט אויף אים) הימעל! וואס הער איך? איך בין אייער ברודער? וויא אזוי הייסט איר דען?

**יאזעף** (שטייט אויף נעהמט אים ארום) איך בין דיין ברודער יאזעף!

**דאקטאר** (טרעט צוריק עטליכע טריט, קוקט אויף אים מיט שטארע אויגען) הא? דוא ביזט מיין ברודער יאזעף? (קוקט אויף אים א פאר זעקונדען, לויפט צו אים צוא נעהמט אים ארום) א גאטט! וויא אונגליקליך איך בין אז איך האב מיין אייגענעם ברודער שוין ניט דער קענט! (קושט אים) מיין טהייעריר ברודער! מיין ליבער יאזעף!

**יאזעף** (קושט אים) מיין ברודער, מיין רעטער, מיין וואלטהעטיר! א וויא גליקליך איך שעצע מיך אז דוא מיין ברודער ביזט מיין רעטער געוועזן!

**דאקטאר**, און וויא גליקליך איך בין אז איך האב גירעטעט מיין ברודער פון טויט! (קושען זיך, נעהמין זיך אן ביא דיא הענד זעצין זיך אויף דעם בעטיל).

**יאזעף**. דער צייל מיר מיין טהייעריר ברודער וואס מיט דיר האט זיך פאסירט אין דיא 10 יאהר וואס דוא ביזט פון אונז אוועק. און וויא אזוי דוא ביזט וואיעני דאקטאר געווארין, און ווארום האסטו זיך ניט געלאזט הערין דיא גאנצע צייט צו אונז?

**דאקטאר**. אז קהל האט מיך אפ גיגעבין אין דינסט, האט מען מיך א וועק געשיקט קיין קיעוו מיט נאך פיל רעקרוטען מיר זאלין דארטין שטיין. איך האב מיך באלד געווענדעט צום גענעראל מיט א ביטטע שריפט, אים בעשריבען מיין גאנצע ביאגראפיע וואס מיט מיר האט זיך פאסירט דאס איך בעזיץ פיל קענטניסע, האב פעהיגקייטין צום בילדונג, און אם ענדע האב איך אים געבעטין אז ער זאל מיר שטיין צוא הילף, און מיר ערלויבען אריין צו טרעטין אין קיעווער אוניווערזיטעט איך זאל מיין עקזאמין ענדעגין אויף דאקטאר שטודיום. דער גענעראל וועלכער וואר זייער א גוטער מענש האט מיין ביטטע שריפט ניט פערוויזען, האט מיך געשיקט מיט א פאפיר צום דירעקטאר דאס ער זאל מיך עקזאמענירען, דיזער האט מיך עקזאמענירט, איך האב זיין פראגע אויס געהאלטין און בין געבליבען זיין שילער אלזא.

זעכס

זֶעכְּס יָאהְר הָאט גֶעדױעֶרְט אַלְס אִיךְ הָאבּ גִיעֶנְדֶעגְט דֶעם מֶעדֶעצִינְסְקֶע פַאקוּלְטֶעט נַאכְהֶער בִּין אִיךְ פוּן דָארְטִין אַ רױס מִיט אַ דִיפְּלָאם אַז אִיךְ הָאבּ רֶעכְט דָאקְטָאר צוּ זַיין, אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּם גֶענֶערַאל אוּנ אִים אָפּ גֶעדַאנְקְט פַאר דֶעם וָואלְטְהַאט װעֶלְכֶעס עֶר הָאט מִיט מִיר גֶעטְהוּן אִיךְ בִּין בַּאלְד פָאזְנַאטְשֶׁעט גֶעוָוארִין פַאר אַ וָואיֶענֶע דָאקְטָאר אִין אַיין פָאלְק װעֶלְכֶער אִיז בַּאלְד אַװעֶק גֶעגַאנְגִין אַ הֶער קֵיין בְּיַאלַאסְטָאק, פוּן דַאמָאלְס אָן װאוּין אִיךְ דָא. אִיךְ הָאבּ אַפִילוּ פִיל מָאהְל שׁוֹין גֶעוָואלְט אַ בְּרִיעף שְׁרַייבֶּען צוּם פָאטֶער אִין בְּרִיסְק, נוּר דֶער הַאס צוּא מַיין שְׁטִיפְמוּטֶער הָאט דָאס מִיר נִיט גֶעלָאזִין טְהוּן. אַז אִיךְ דֶער מַאן מִיךְ דִיא צָרוֹת וָואס זִיא הָאט מִיר אָן גֶעטְהוּן אַ מָאהְל וִויא זִיא פְרֶעגְט מִיךְ פְרִיסְלֶעדֶעװעֶן אוֹיף יֶעדִין טְרִיט, אוּנ גֶעפִירְט צוּם פָאטֶער רְכִילוֹת אוּנ עֶר הָאט אִיר אוֹיף אַלֶעס גֶעגְלױבְּט, אָט דֶער גֶעדַאנְק הָאט מִיךְ שְׁטֶענְדִיג צוּרִיק גֶעהַאלְטִין װעֶן אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט צוּ אִים שְׁרַייבֶּען.

**יָאזֶעף**, הָאסְטוּ שׁוֹין גֶעהֵייַראטֶעט אוֹיךְ?

**דָאקְטָאר**, נֵיין! נָאךְ הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען דִיא דָאזִיגֶע װעֶלְכֶע מַיין הֶערְץ זָאל צוּ אִיר גֶעהֶערִין!

**יָאזֶעף**. אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פוּן אַ יָאהְר גֶעהֵייַראטֶעט. מִיךְ הָאט מַיין שִׁיקְזַאל בֶּעגְלִיקְט מִיט זַייעֶר אַ טְהֵייעֶרִי פְרוֹי אַ קְלוּגֶע אַ גוּט הֶערְצִיגֶע הָאט מִטְלֵייד אוֹיף יֶעדִין לֵיידֶענְדִין.

**דָאקְטָאר** (רַייכְט אִים דִיא הַאנְד) אִיךְ גְרַאטֶעלִירֶע דִיר בְּרוּדֶער מִיט דַיין גוּטֶע פְרוֹי. אִיר נַאהְמֶען?

**יָאזֶעף**. אִיר נַאהְמִין הֲדַסָּה, װעֶסְט אִיר אָן קוּקֶען לִיעבֶּער בְּרוּדֶער וָואס פַאר אַיין לִיעבֶּעס קִינְד דָאס אִיז! אַיין עֶכְטֶע קָאפִּיֶע פוּן אַיין עֶנְגֶעל גֶעשְׁטַאלְט! אָ וִויא טְרַייא זִיא אִיז צוּ מִיר! אִיךְ גֶעדֶענְק נָאךְ יֶעצְט וִויא זִיא הָאט מִיךְ דַאמָאלְס גֶעבֶּעטִין צוּרִיק מִיט דְרַייא מָאנְהֵייט אַז אִיךְ זָאל נִיט מַאכִין מִיט דֶעם בָּארִיסֶען וָואס הָאט אוֹיף מִיר גֶעשָׁאסִין קֵיין שׁוּתָּפוּת! דָאס הֶערְץ הָאט אִיר גֶעזָאגְט אַז עֶר װעֶט מִיר בֵּייזֶעס טְהוּן! עֶר הָאט אוֹיף מִיר גֶעשָׁאסִין דוּרךְ דִיא גֶעהִילְפֶע פוּן מַיין דִינֶער, אוּנ הָאבִּין מַיין לֶעצְטִין קַאפִּיטַאל אַװעֶק גֶערױבְּט. אוּנ יֶעצְט אַז אִיךְ קוּם שׁוֹין אַ הֵיים, הָאבּ אִיךְ עֶרְשְׁט קֵיין מִיטֶעל פוּן װַאנֶען זִיךְ צוּ עֶרְנֶערִין מִיט מַיין פְרוֹי! (זִיפְצְט).

**דָאקְטָאר** (נֶעהְמְט אִים אָן בַּייא דֶער הַאנְד) נִיכְט גֶעזָארְגְט לִיעבֶּער בְּרוּדֶער װעֶן נוּר דוּא װעֶסְט זַיין גֶעזוּנְד הָאסְטוּ גֶעלְד אוֹיךְ. אִיךְ בֶּעזִיץ אַ הִיבְּשֶׁען קַאפִּיטַאל. אִיךְ וָועל מִיךְ מִיט דִיר אִים

גלייך



גְלַייךְ טְהֵיילֶען. דָאס װעֶט אָן קוּמֶען אוֹיף דַיין חֵלֶק פִינְף מָאהְל מֶערִיר וִויא דוּא הָאסְט פֶערְלוֹירֶען!

**יָאזֶעף** (נֶעהְמְט אִים אַרוּם) אָ מַיין טְהֵייעֶרִיר בְּרוּדֶער! פְרִיעֶר בִּיזְטוּ גֶעװעֶן מַיין רֶעטֶער, אוּנ יֶעצְט בְּלַייבְּסְטוּ אוֹיךְ מַיין וָואלְטְהֶעטִיר! (לָאזְט אִים אָפּ).

**דָאקְטָאר**. עֶרְצֵייל מִיר יֶעצְט וִויא אַזוֹי גֶעהְט עֶס מִיט אוּנְזֶער פָאטֶער.

**יָאזֶעף**. עֶר גֶעפִינְט זִיךְ גָאט זֵייא דַאנְק גֶעזוּנְד, נוּר זַיין אַבְּסְטָאיַאטֶעלְסְטְוָוא אִיז יֶעצְט זֵייעֶר גֶעמֵיין!

**דָאקְטָאר**, אוּנ דָוִד װעֶלְוְויל וָואס מַאכְט? לֵיידֶעט עֶר הָאטְשׁ נִיט קֵיין צָרוֹת פוּן דֶער שְׁטִיפְמוּטֶער אוּנְזֶערִי?

**יָאזֶעף**. לֵיידֶער לַיידֶעטֶער נֶעבִּיךְ פִיל צָרוֹת! זִיא שְׁטוּפְּט אִים פִיל מָאהְל אַרױס פוּן שְׁטוּבּ, וְויל אִים גָאר קֵיין עֶסִין נִיט גֶעבִּין, אַדַאנְק מַיין גוּטֶע פְרוֹי, װעֶן נִיט זִיא וָואלְט עֶר פַאר הוּנְגֶער אוֹיס גֶעגַאנְגִין!

**דָאקְטָאר**, אוּנ אוּנְזֶער פָאטִיר וָואס זָאגְט דְרוֹיף? אִים הַארְט דָאס גָאר נִיט?

**יָאזֶעף**. קֶענְסְטוּ דֶען נִיט אוּנְזֶער פָאטֶער? עֶר אִיז, זָאל עֶר מִיר מוֹחֵל זַיין אַ שְׁלָאף מִיצֶעל וָואס זִיא טְהוּט אִיז גֶעטְהוּן, עֶר קוּקְט אוֹיף קֵיין זַאךְ זִיךְ נִיט אוּם!

**דָאקְטָאר** (שְׁטֶעלְט זִיךְ הַאסְטִיג אוֹיף:) יֶעצְט װעֶט זִיא שׁוֹין בֶּעקוּמֶען דִיא מַפָּלָה! (זֶעצְט זִיךְ) זָאג מִיר נוּר יָאזֶעף, דֶער פָאטֶער דֶערְמָאנְט מִיךְ אַ מָאהְל?

**יָאזֶעף**, עֶר דֶער מַאנְט דִיר זֵייעֶר אָפְט, אוּנ װִישְׁט זִיךְ דֶער בַּייא דִיא אוֹיגֶען פוּן טְרֶערִין.

**דָאקְטָאר**, אוּנ פוּן דֶעם פֶּעקִיל טַאבַּאק וָואס עֶר הָאט בַּייא מִיר גֶעפוּנֶען שַׁבָּת אִין קֶעשֶׁענִי אִיז עֶר שׁוֹין דֶערְגַאנְגִין אַז דָאס װַאר דִיא שְׁטִיפְמוּטֶערְס אַרְבֵּייט?

**יָאזֶעף**. דָוִד װעֶלְוְויל הָאט אִים אַפִילוּ נָאךְ בַּאלְד גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט אַלֵיין גֶעזֶעהְן וִויא זִיא הָאט דָאס אַרַיין גֶעלֵייגְט אִין דַיינֶע הוֹיזֶען קֶעשְׁעֶנִי. נוּר וָואס הֶעלְפְט דָאס? עֶר וְויל דָאס עַד הַיּוֹם אוֹיף אִיר נִיט גְלױבֶּען, וָוארִין עֶר הַאלְט אִיר פַאר אַ צַדְקָנִיוֹת.

**דָאקְטָאר**, יֶעצְט זָאל זִיא הָאבִּין אִיר סוֹף! גְלַייךְ וִויא אִיךְ קוּם נוּר צוּם פָאטֶער וָועל אִיךְ זֶעהְן דִיא מִינוּט אִין אִיר רַאכֶע צוּ נֶעהְמִין, אָבֶּער דִיזֶע רַאכֶע װעֶט זַיין אַ גַאנְץ אֵיידֶעלִי אוּנ אַיין הֶעכְסְט חִיטְרֶע!

יָאזֶעף , וָואס ווילסטו איר דֶען טְהוּן ?

דָאקְטָאר , אַז מִיר וֶועלִין פְּלִיצְלוּנְג אַרַיין קוּמֶען צוּם פָּאטִיר וֶועט עֶר דָאךְ מִסְתָּמָא פְרֵייהֶען אִיבֶּער אוּנְז , וֶועל אִיךְ אִים הֵייסֶען שְׁטֶעלִין בְּרַאנְפִין צוּם טִישׁ אוּנ וֶועל זִיךְ פְלַייסֶען אַז עֶר זָאל זִיךְ אַ בִּיסֶעל אִיבֶּער טְרִינְקֶען , אוּנ דַאמָאלְס וֶועל אִיךְ בַּייא אִים אַרוֹיס נַארִין אַוֶועקְסִיל אוֹיף אַזַא סוּמֶע וָואס זָאל אָן טְרֶעפִין פִינְף מָאהְל מֶערִיר וִויא עֶר פֶערְמָאגְט אוּנ דַאן וֶועל אִיךְ בַּייא אִים אַוֶועק נֶעהְמִין זַיין גַאנְץ פַארְמֶעגִין . דִיא שְׁטִיפְמוּטֶער וֶועל אִיךְ אַרוֹיס שְׁטוּפֶען וִויא אַזוֹי זִיא שְׁטֵייט אוּנ גֶעהְט , אוּנ דֶעם פָּאטִיר וֶועל אִיךְ הַאלְטִין בַּייא זִיךְ . וֶועל אִים אַלֶע פֶערְגֶענִיגֶען פֶערְשַׁאפִין נוּר מִיטִין וַוייבּ וֶועל אִיךְ אִים קֵיין מָאהְל נִיט לָאזִין זִיךְ צוּ נוֹיף קוּמֶען אָט דָאס וֶועט זַיין מַיין נְקָמָה אִין דֶער שְׁטִיפְמוּטֶער אוּנְזֶערִי , וִויא גִיפֶעלְט דִיר יָאזֶעף דֶער פְּלַאן ?

יָאזֶעף , עֶר גֶעפֶעלְט מִיר זֵייעֶר , אָבֶּער מִיט וֶועלְכֶען אוֹיס רֵייד וֶועסְטוּ בַּייא אִים אוֹיס נַארִין דֶעם פָּאדְפִּים ?

דָאקְטָאר , אַז מִיר וֶועלִין קוּמֶען קֵיין בְּרִיסְק , וֶועלִין מִיר בֵּיידֶע בַּאלְד אַרַיין גֶעהְן צוּ אִים . . .

יָאזֶעף (שְׁלָאגְט אִיבֶּער) נֵיין נֵיין ! אִיךְ לוֹיף בַּאלְד צוּ מַיין הַדַסָּהְן !

דָאקְטָאר (נֶעמְט אִים אָן בַּייא דֶער הַאנְד) אָךְ זַייא זְשִׁי נִיט אַזוֹי גֶעהֵיילְט ! דֶען דֶער מִיט וֶועסְטוּ דָאךְ גָאר פֶערְנִיכְטֶען מַיין פְּלַאן ! אַז מִיר וֶועלִין צוּ אִים קוּמֶען זָאלְסְטוּ אִים זָאגִין אַז מֶען דַארְף שִׁיקֶען אַ בְּרִיף צוּ הֲדַסָּהְן אִין זַיין נָאהְמִין אַז עֶר מֶעלְדֶעט אִיר אַז דוּא קוּמְסְט בַּאלְד צוּ פָארִין , כְּדֵי זִיא זָאל נִיט אִיבֶּער שְׁרֶעקִין מִיט דַיין פְּלוּצְלִיכֶען עֶרְשַׁיינֶען בַּייא אִיר , דֶעם בְּרִיף וֶועל אִיךְ שְׁרַייבֶּען , וָוארִין עֶר וֶועט דָאךְ שׁוֹין זַיין אוֹיס גֶעטְרִינְקֶען וֶועל אִיךְ דַאמָאלְס אַנְשְׁטַאטְט דֶעם בְּרִיעף שְׁרַייבֶּען , וֶועל אִיךְ אַ וֶועקְסִיל אָן שְׁרַייבֶּען , אוּנ אִים הֵייסִין דְרוֹיף אוּנְטֶער שְׁרַייבֶּען , דִיא אוֹיגֶען וֶועלִין דָאךְ אִים זַיין פֶערְנָאסִין וֶועט עֶר נִיט בֶּעמֶערְקִין אוֹיף וָואס עֶר שְׁרַייבְּט זִיךְ אוּנְטֶער ! בֶּעשְׁטֶעהְסְטוּ דְרוֹיף מַיין בְּרוּדֶער ?

יָאזֶעף (שְׁטֵייט אוֹיף) אִיךְ בַּאשְׁטֶעה ! מַארְשׁ קֵיין בְּרִיסְק !

(דֶער דָאקְטָאר שְׁטֵייט אוֹיף , שְׁטֶעלְט זִיךְ מִיט אִים הַאלְבּ זַייטִיג צוּם פּוּבְּלִיקוּם , אוּנ הַאלְבּ זַייטִיג צוּם טִיר , לֶעגִין אַרוֹיף , דִיא הֶענְד אוֹיף דִיא אַקְסְלִין אֵיינֶער בַּיים אַנְדֶערִין) .

דָאקְטָאר (אַלְס יָאזֶעף אִיז אַנְשְׁוִוינֶען גֶעוָוארִין) צוּ מַיין גֶעבּוּרְט שְׁטָאט !

יאזעף



יָאזֶעף , צוּ מַיין גֶעלִיבְּטֶע פְרוֹי !

דָאקְטָאר , צוּ מַיין גֶעלִיבְּטֶען פָּאטֶער !

יָאזֶעף , צוּ מַיין טְהֵייעֶרִי הֲדַסָּהְן !

דָאקְטָאר (שְׁטֶעלְט דֶעם עֶרְשְׁטִין שְׁפַּאן מִיט אִים) רַאכֶע אִין דֶער שְׁטִיפְמוּטֶער !

יָאזֶעף , רַאכֶע אִין מַיינֶע מֶערְדֶער ! (נֶעהְמִין זִיךְ בֵּיידֶע אַרוּם) .

דֶער פָארְהַאנְג לָאזְט זִיךְ שְׁנֶעלְל הֶערַאבּ .

# פִירְטֶער אַקְט

(בַּייא דֶעם אַקְט שְׁפִּילֶען אַלֶע פֶערְזָאנֶען זֵייעֶרִי רָאלֶען אוֹיסֶער דֶעם דִינְשְׁטְשִׁיג) .

(דֶער עֶרְשְׁטֶער הַאלְבּ פוּן דֶעם אַקְט גֶעשִׁיהֶעט בַּייא שְׁמוּאֵל זָרְחִין אִין הוֹיז אוּנ דֶער צְוֵוייטֶער בַּייא הֲדַסָּהְן אִין אַ אָרֶעם וְואהְנוּנְג) .

(דִיא צַייט פוּן דֶעם אַקְט אִיז פַאר הַאלְבֶּען טָאג)

## סְצֶענֶע

(אַ קְלֵיינֶער זַאל , אִין דֶער מִיט אַ קְלֵיינֶע טִיר , רֶעכְטְס אַ זַייטִין טִיר . אִין דֶער מִיט זַאל אַ טִישׁ , פוּן 3 זַייטִין בַּיים טִישׁ שְׁטֶעהֶען 3 שְׁטוּלֶען , דִיא פִירְטֶע זַייט וֶועלְכֶע אִיז צוּם פּוּבְּלִיקוּם אִיזְט לֵיידִיג , דָוִד וֶועלְוִויל גֶעקְלֵיידֶעט וִויא אִין עֶרְשְׁטִין אַקְט , קוּמְט אַרַיין דוּרְכִין זַייטִין טִיר אַלְס דֶער פָארְהַאנְג הֵייבְּט זִיךְ אוֹיף . אוּנְד שְׁטֶעלְט זִיךְ נֶעבִּין טִישׁ וִויא עֶס אִיז לֵיידִיג אָהְן שְׁטוּלֶען . מִיטִין פָּנִים צוּם פּוּבְּלִיקוּם) .

## עֶרְשְׁטֶער אוֹיפְטְרִיט

### דָוִד וֶועלְוִויל זֶעלְבְּסְט .

דָוִד וֶועלְוִויל (רַייבְּט זִיךְ מִיט אִין הַאנְד דָאס אוֹיג . דָאס פָּנִים אִיז רַחֲמָנוּתדִיג :) אִיךְ ווייס גָאר נִיט וָואס דִיא מוּמֶע טְרַאכְט זִיךְ ? זִיא הָאט בַּייא מִיר צוּ גִינוּמֶען דִיא טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלִיךְ מִיט דֶעם

צירונג

צירונג וואס הדסה האט מיר גיגעבן פאר חליצה איר געבין איז זיא צו מיר אזוי שלעכט געווארין אזש סכנות! ניט זיא מאכט מיר קיין קאסטיום, ניט זיא גיט מיר קיין שיינע כלה (לאזט אראפ דיא האנד פון דעם אויג) נור איך וואלט איר שוין דאס מוחל געוועזין. לאז זיא מיר חאטש געבין עסין אין דער צייט, וויל זיא דאס אויך ניט! לאזט מיך פאסטין אפשר אגאנצין טאג, גיבט מיר ניט קיין קישען, אויף דער זייט, שלאגט מיך אלע מאהל, אונ טרייבט מיך שוין גאר ארויס פון שטוב! אז איך וויל נעהמין א שטיקעל ברויט, שרייט זיא באלד; דוד וועלוויל! פרעסט שוין ווייטער! דוד וועלוויל! גענוג דיר שוין צו פרעסין! איך וויים גאר ניט וואס זיא טראכט זיך? (פויזע, פעסטעט זיך) שוין אפשר 12 דער זייגער אונ איך האב נאך גאר ניט איבער געביסען! איך בין אזוי הונגעריג אזש סכנות! (וויינט הויך, שמואל זרח געקליידעט וויא אין דיא פאריגע אקטין קומט אריין דורכין גלאוונים טיר).

## צווייטער אויפטריט

### שמואל זרח אונד דער פאריגער.

**דוד וועלוויל** (אלס ער הערט דיא טיר עפנען, דרעהט ער זיך אוים מיטין פנים צו איר, אונ אלס ער ערזעהט דעם פאטיר אריין קומען, הייבט ער אן הויך צו וויינען).

**שמואל זרח** (צו גייהענד צו אים) וואס וויינסטו דוד וועלוויל?

**דוד וועלוויל** (מיט א אוים געצויגענים טאן:) איך בין הונגעריג!

**שמואל זרח**, פאר וואס זשי זאגסטו ניט דער מוטין זיא זאל דיר געבין עפים צו עסין?

**דוד וועלוויל** (קוקט אראפ, שפילט זיך מיט א ציצע, בלאזט אן דיא באקען:) יא איך האב איר שוין צווייא מאהל געזאגט זיא זאל מיר געבין עסין, האט זיא מיר נור גוט אן געשאלטין אבער קיין עסין וויל זיא מיר ניט געבין!

**שמואל זרח**, וואס הייסט זיא וויל דיר ניט געבין? מיין קינד וועט זיא זשאלעווען עסין? (לאזט זיך געהן צום זייטין טיר, פראדיל קומט אים א געגין געקליידעט וויא אין 3 טין אקט).

---



## דריטער אויפטריט

### פראדיל אונד דיא פאריגע.

**שמואל זרח** (צו פראדלין) פאר וואס גיבסטו אים ניט קיין עסין פראדיל? צו איז נאך ניט צייט פאר אים אז ער זאל איבער בייסין?

**פראדיל** (בלייבט שטיין געגין פובליקום געבין א שטול) לאז ער געהן צו הדסהן, וועט זיא אים געבין עסין!

**דוד וועלוויל** (צו איר) נוא גיבט מיר אפ דיא טויזענד קערבליך מיט דעם צירונג וועל איך איר זייא אוועק געבין וועט זיא מיר געבין עסין!

**פראדיל**, איך האב בייא דיר גענומען געלט מיט צירונג פארך אייגער

**דוד וועלוויל** (דרעהט זיך אוים צום פובליקום, חאפט זיך אן מיט בידע הענד פארין קאפ:) אוי איז דאס א ליגנערטי אזש סכנות! ערשט יעני וואך גיב איך איר צו בעהאלטין טויזענד קערבליך מיט צווייא פושקעליך צירונג אונ אצונד זאגט זיא שוין אז זיא האט בייא מיר גאר ניט גענומען! (מיטין פנים צו איר) ליגנערטע! ליגנערטע!

**פראדיל** (לויפט צו אים) דוא זאלסט ניט זיין קיין שגץ ווארין איך צו ברעך דיר דיינע ביינער הערסטו?

**דוד וועלוויל** (אנטלויפט צום פאטיר, האלט זיך אן בייא זיין קאפאטע: מיטין פנים צו איר:) גיבט מיר אפ מיין געלט מיטין צירונג!

**פראדיל** (טראגט אים אונטער א פייג אונטער דעם נאז) נא! אט דאס געב איך דיר!

**דוד וועלוויל**, נוא גיבט מיר האטש עסין!

**פראדיל** (געהט צו צום טיש) ביזט ניט קראנק צו געהן פערדינען אויף עסין!

**שמואל זרח** (געהט צו צום טיש, זעצט זיך אויף א שטול געגין איר. דוד וועלוויל שטייט ניט ווייט פון אים).

**שמואל זרח** (שאקעלט צו איר מיטין קאפ) א פראדיל פראדיל! וויא האסטו קיין מורא ניט פאר גאט! בארעכין נור וואס דוא האסט געטהון! האסט אים אן גירעדט ער זאל אפ ראבעווען איין ארימע אלמנה. אונ דיר דאס אוועק געבין, אונ צום סוף ווילסטו אים נאך קיין עסין ניט געבין! איז רעכט אזוי? פרעג איך דיך ביזט דאך א פרומע יודענע הא!

פראדיל. איך בעט דיך ניט, זאלסט מיר מוסרן, עס האט ניט צו דיר וואס איך טהו!

שמואל זרח. שטאטש עס האט ניט צו מיר? ער איז דאך אבער פארט מיין קינד!

פראדיל, נוא הענג זיך אויף אים!

שמואל זרח (זיפצט) אז אך און וועה איז מיין וועלט חלעבין וואס איך האב דיך גאר דער קענט פאר א ווייב צו מיר!

פראדיל (מיט כעס) יא האסט זיך טאקי וואס צו ווארפין מיט מיר, איך האב פאר געסין, ביזט א גרויסער בעל יחסן, האסט זייער פיינע קינדער איין זיהן האסטו אליין אים געחאפט ביים ציגארין רויכענען אום שבת, האסט אים אפ גיגעבין פאר א סאלדאט, נוא וואס איז געווארין פון אים? און אוודאי א משומד וואס דען? ער וועט יודעשקייט אוים האלטין? און דער אנדעריר זאל זיך שוין מיהען פאר מיינע אלטע חאליאוועס איז אויך געווען א פרום זיהנדעלי, אז ביים איז געווען רעכט זיין ווייב זאל געהן מיט די אייגענע האר, האט אים אמת גאמט בעצאהלט דער פאר מיט אזא מיתה אז ער האט אפילו ווידוי אויך קיין צייט געהאט צו זאגין! הא הא הא! נישטא ווער עס זאל לאכין פון דעם בעל יחסן!

שמואל זרח. מיט מיינע חסרונות וואסדוא ווייזט מיר דא אויף, האב איך נאך קיין מענשין אונגליקליך געמאכט! און דוא וואס דוא ריהמסט זיך פאר א יחסנטע און פאר א צדקניות, האסטו גענומען איין עהרליך קינד וואס האט קיין מאהל ניט געטראכט יענים צו בערויבען, רעדסטו אים אן אז ער זאל בעראבעווען איין וויסטע הלוצה און דיר דעם רויב אוועק געבין, און דער נאך אז ער האט דיר שוין אלס דינג אוועק גיגעבין, טרייבסטו אים שוין פון שטוב, אפילו א שטיקעל ברויט ווילסטו אים ניט געבין שוין. גלייך וויא דוא האסט פון אים גאר ניט גענאסין, אדער גלייך וויא דוא ברענגסט אריין אין שטוב די גאנצע פרנסה! נוא פרעג איך דיך הייסט דאס ניט אכזריות פון דיר?

פראדיל. נוא אז איך האב יא צו גענומען ביים אים הדסהם געלד וועל איך דאס אוועק געבין מיינע קינדער וואס איך האב ניט?

שמואל זרח, דוא גיבסט מיר אויך ניט!

פראדיל (מיט כעס) אהא! אט דער פאר נעהמסטו זיך אזוי אן, דוא ווילסט דאס געלד האבין. א קרענק אין די זייטין וועל איך

דיר



דיר געבין! איך וועל בעסער לאזין שרייבען א ריינינגקייט אין שול און תתונה מאכין ארימע יתומים מיט דעם געלד, וועל איך חאטש עולם הבא האבין אויף יענער וועלט, וואס דען? פון דיר וועל איך עולם הבא האבין?

דוד וועלוויל. איר האט דאך גאר געזאגט אז איר וועט מיך חתונה מאכין?

פראדיל, דיר גאר? א קרענק אין בויך! האסט א געזונטין טאטין לאז ער דיר חתונה מאכין! (זעצט זיך).

שמואל זרח (שטייט אויף, שפאנט הין אונד הער, בייסט די נעגיל).

דוד וועלוויל (רייבט זיך מיט איין האנד דאס אויג) איך וויל עסין!

פראדיל, מכות, קדחות, און קרענק אט דאס נעהם און עס!

שמואל זרח (בלייבט שטיין נעבין דוד וועלוולין מיטין פנים צו איר) וואס האסטו אים צו שעלטין אז דוא הארעוועסט ניט אייף זיין עסין? (געהט ארום) א א א! פון דרייא קינדער ביים איינעם געבליבען, צום סוף וויל זיא מיר דעם איינעם אויך פארשעלטין!

פראדיל, נוא נוא האב קיין מורא ניט, ער וועט נאך דיך איבער לעבין.

דוד וועלוויל (אראפ געלאזט די אויגען, רעדט נאיווע:) לאז גאמט היטען!...

פראדיל (צו לאכט זיך) חא חא חא, אט איז א געטרייער זוהן! ער לאזט ניט דעם טאטין פריער שטארבין!

שמואל זרח (גיבט דוד וועלוולין קאפיקעס) נא דיר חכם מיינער געלד, גיה קויף זיך אויף איבער בייסין!

דוד וועלוויל (נעהמט צו דאס געלד לויפט ארויס דורכין זייטין טיר).

(שמואל זרח שפאצירט איין מאהל הין אונד הער, בלייבט פליצלונג שטיין אין דער מיט זאל מיטין געזיכט צום גלאזענע טיר, מאיר קומט פון איר אריין געקליידעט וויא איין וואיענע ארצט).

## פירדטער אויפטריט

### מאיר אונד די פאריגע אהן דוד וועלוולין.

מאיר (בלייבט שטיין נעבין טיר קוקט אויף שמואל זרחין) גוטען מארגין!

שמואל זרח (בלייבט שטיין נעגין אים אוים געצויגען, חאפט אראפ דאס היטעל, בעהאלט ביידע הענד אינטער זיך, ... באנט ציטערענד:) צו וועהמין דארף דער הערר?

מאיר

**מאיר** (געהט צו נעהענטער, מיט א קליינעם שמייכיל) איר קענט
אן טהון דאס היטעל.

**שמואל זרח** (אין דער פאריגער פאזע) אבער זאגט שוין צו וועהמין
דארפט איר?

**מאיר**, טהוט אן דאס היטעל, וואס ציטערט איר אזוי איך בין דאך
ניט קיין בער!

**שמואל זרח** (טהוט אן דאס היטעל) נוא לאם איך שוין הערין צוא
וועהמין איר דארפט?

**מאיר** (שמייכלענד) איך דארף צו רעב שמואל זרח פיינהאלץ.

**פראדיל** (שטעלט זיך אויף) פינסטער איז מיר! צו וואס דארף ער דיך?

**מאיר** (גיבט אויף איר א קוק מיט האס אונד פעראכטונג).

**שמואל זרח**. נוא איך בין דאס, וואס ווילט איר דען פון מיר?

**מאיר** (געהט צו צו אים, שמייכלענד:) איך וויל צו אייך זיך דערקענין!

**שמואל זרח**. מיט מיר זיך דערקענין? וואס פאר א מחותן זענט איר
דען מיט מיר?

**מאיר** (שמייכלענד) איך בין אייך גאר ניט בעקאנט?

**שמואל זרח** (קוקט אין דער זייט, ניט אויף אים) וויא קומט איר מיר
בעקאנט צו זיין?

**מאיר** (נעהמט אים אן פאר איין האנד) אבער קוקט נור אויף מיר,
פיליכט בין איך אייך יא בעקאנט?

**שמואל זרח** (קוקט אויף אים, נאך א קורצע פויזע) וויים איך? עפים
יא בעקאנט, אונ ניט בעקאנט (קוקט אוועק) ניין! איר
זענט מיר גאר ניט בעקאנט!

**מאיר** (האלט אים ביא דער האנד, שרייט אוים) פאטיר! צו
דערקענסטו שוין ניט דיין זאהן מאיר?

**שמואל זרח** (צו שראקין) הא? דוא ביזט מאיר?

**מאיר** (וויל אים ארום נעהמין צו קושען) איך בין דיין זאהן!

**שמואל זרח** (לאזט זיך ניט קושין! וויל פון אים לויז ווערין:) דוא
ביזט נאך מיין זאהן? וויא אזוי?

**מאיר** (צו שראקין) פאטיר! וואס איז דאס פאר א פראגע?

**שמואל זרח**, ביזט דען נאך א יוד?

**מאיר**, פאר וואס זאל איך דען ניט זיין מעהר קיין יוד? ווער לאזט
מיר ניט?

שמואל



**שמואל זרח**, סטייטש! דוא געהסט דאך עפים גאר וויא א גענעראל?

**מאיר**, איך בין א וואיענע דאקטאר דער פאר געה איך אין א פארמע
אבער מיין הערץ איז יעדאך גאנץ מיט אונזער יודענטהום! איך
בין יודע וויא געוועזן!

**שמואל זרח** (הייבט דיא הענד אין דער הייך) געלויבט ביזטו גאטט!
(געהמט אים ארום) מאיר בני בכורי! מיין עלצטער
זאהן! מיין טרייסט, מיין לעבין! (קושט אים).

**מאיר** (קושט אים אויך) מיין טהייערער פאטער! מיין ליכט, מיין לעבין!
(לאזט אים לויז).

**שמואל זרח** (וויינענד) א מיין טהייערער זאהן! איך האב שוין מער
ניט געדענקט אז איך זאל דיך נאך א מאהל זעהן פאר
מיין לעבין! וויא גליקליך איך בין אז איך זעה דיר אצונד פאר מיר,
אין אזוי פיל גדולה, אונ מיט א יודעש הערץ! זאג מיר מיין קינד
וויא אזוי ביזטו געווארין א וואיעני דאקטאר, אונ פאר וואס האסטו
צעהן יאהר דורך איינאנד זיך ניט געלאזט הערין צו מיר?

**מאיר**, איך וועל דאס דיר שפעטיר דער ציילען פאטיר, יעצט בין
איך מיעד פון וועג!

**פראדיל** (לויפט צו, צו מאירין, מיט חניפה) וואס פאר א שטיק האלץ
איך בין? אז איך האב שוין ניט דערקענט מיין מאירלין!
(שפרייט אוים דיא הענד, וויל מיט אים זיך צו קושען).

**מאיר** (דרעהט זיך פון איר האלב אוועק לאזט זיך ניט קושען).

**פראדיל** (האלב בעליידיגט) מיט א מומע? מאירל! מיט א מומע
ווילסטו זיך ניט צו קושען?

**מאיר** (קוקט צום פאטיר) איך קוש ניט מיט קיין פרויען!

**פראדיל**, סטאטש מיט מיר ווילסטו זיך ניט צו קושען? מיט מיר?
וואס איך האב דיר געהאלטין א מאהל אזוי טרייא וויא
א אייגען קינד מיינס!...

**מאיר**, אך מומעניו דער מאנט מיר ניט איך בעט אייך דאס ווארט;
"א מאהל„! ווארין איך דער מאן מיך אין דיא א מאהליגע צרות
וואס איך בין פון אייך אוים געשטאנען! (געהט מיטין פאטיר צו,
צום טיש).

**פראדיל** (דרעהט זיך ברוגז פון אים אוועק זעצט זיך אויף איר ארט).

**דוד וועלוויל** קומט אריין דורכין זייטין טיר:

## פינפטער אויפטריט

### דוד וועלוויל אונד דיא פאריגע

**דוד וועלוויל** (רעדט צום פאטיר, שטייהענד נעבין אים אונ קוקט אויף מאירין :) טאטי ! איך האב מיר געקויפט דרייא גרויסע בייגעל אונ אויף גינעסין, איך בין שוין מער ניט הונגעריג.

**מאיר** (קוקט אויף אים. פרעגט דעם פאטער) א יא פאטיר מיר שיינט אז ער איז דוד וועלוויל ?

**דוד וועלוויל.** פון וואנען ווייסט איר אז איך הייס דוד וועלוויל ?

**שמואל זרח** (צו דוד וועלוולין) ער איז דיין ברודער מאיר !

**דוד וועלוויל** (צו מאירין) אזוי ? דוא ביזט מיין ברודר מאיר ? טאקי גוט !..

**מאיר** נעהמט אים ארום,ביידע צו קושען זיך. שמואל זרח זעצט זיך אויף איין שטול וועלכע שטייט אויבין אן צום לינקען זייט, גענין פראדלין, אונ קוקט צום גלאזינים טיר, מאיר זעצט זיך נעבין אים אויף דער צווייטע שטול. דוד וועלוויל לאזט זיך געהן צום גלאזוני טיר, אונ בעגעגענט יאזעפין אריין קומען, געקליידעט אין איין יעווראפייעשין קאסטיום מיט א רונדע שליאפע).

## זעכסטער אויפטריט

### יאזעף אונד דיא פאריגע.

**יאזעף** (שטעלט נור דעם ערשטין שפאן אויף דער שוועל).

**דוד וועלוויל** (בעגעגענט אים מיט א געשרייא, קערט זיך אום צוריק שרייהענד :) געוואלד ! געוואלד ! דער מת איז געקומען ! טאטי ! ראטעוועט ! אוי ! איך האב מורא ! געוואלד ! (לויפט אונטערין טיש, בלייבט דארטין ליגען).

**פראדיל** (דער זעהט יאזעפין שטיין נעבין טיר, שטעלט זיך אויף שרייט :) ראטעוועט יודען ! געוואלד דער מת איז דא (לויפט אב דורכין זייטין טיר).

## זיבענטער אויפטריט

### דיא פאריגע אהן פראדלין.

**שמואל זרח** (זיצענד אויף זיין ארט. דער זעהט יאזעפין, ניבט זיך א שטארקין



א שטארקין וואורף, שרייט :) שמע ישראל ! (וויל אויפשטיין צום אנטלויפין)

**מאיר** (האלט אים איין :) גאטע איז מיט דיר ! פאר וועהמין שרעקסטו זיך פאטער ?

**יאזעף** (בלייבט שטיין צו טומעלט נעבין טיר קוקט אונמוטהיג אויפין פאטיר).

**שמואל זרח** (געבט א קוק אויף יאזעפין, פערשטעלט זיך באלד מיט איין האנד דיא אויגען :) שטאטש דוא פרעגסט נאך ? זעהסט דאך אז דער מת איז געקומען צו אונז אין שטוב אריין !

**דוד וועלוויל** (לויפט ארויס פון זיין ארט. שטעלט זיך געגין יאזעפין ניט וויט פון טיש, האלט ביידע ציצית געגין אים, ווארפט מיט זייא אין דער הייך שרייט צו אים :) געה געה דוא מת ! געה אין דיין רוהע אריין ! דא זענען ניטא דיינע לייט ! מיר געהען אלע אין פיר ציצית אונ דוא נור דרייא !...

**יאזעף** (שטייגעלט, לאזט זיך געהן, בלייבט באלד שטיין אלס דוד וועלוויל אנטלויפט).

**דוד וועלוויל** (לויפט צום פאטיר שרייט ;) אוי טאטי ! ער קען מאכי לאבין אויך !.. (קוקט אויף יאזעפין וועלכער לאזט זיך געהן צו אים ;) אוי אט געהט ער ! טאטי ! איך האב מורא ! טרייב אים ארויס ! (גראבט זיך איין אין פאטיר).

**שמואל זרח** (שרייט צו יאזעפין ;) געה אין דיין רוהע אריין ! דא איז נים מער דיין ארט !

**מאיר** (שטעהט אויף, צום פאטיר) אום גאטעס ווילען פאטער, ער לעבט דאך ! ווארום מאכסטו אים פאר א מת ? (געהט צו צו יאזעפין, נעהמט אים נעארעמט, געהט מיט אים צום טיש).

**דוד וועלוויל.** טאטי ! איך האב מורא ! (אנטלויפט צום זייטין טיר, בלייבט שטיין).

**שמואל זרח** (שטעלט זיך אויף) הוא אלקים ! (לויפט אוועק פון טיש, האלט דיא ציצית אין דיא הענד, קוקט אויף אים מיט גרויסע אויגען, ציטערט).

**יאזעף** (צום פאטיר, מיט א שמערצפאלען טאן ;) א פאטער פאטער ! פאר וועהמין שרעקסטו זיך ?

**דוד וועלוויל,** אוי טאטי זעה נור ! דער מת קען טאקי רעדין אויך !..

**שמואל זרח,** שטאטש איך זאל מיר נים שרעקין ! דוא ביזט שוין פון דרייא חדשים געשטארבין. פליצלונג קומסטו נאר צו



מיר

מיר אין שטוב אריין!

דוד וועלוויל (וואַרפט מיט דיא ציצית) געה געה! אין דיין רוהע אריין!
יאָזעף (צום פאַטער) ווער האָט עס אייך געזאָגט אַז איך בין געשטאָרבין?
שמואל זרח. שטיימש ווער? יאַנקעל האָט צוריק געבראַכט דיי
געלד מיט דיינע זאַכין פון וועג, און ערציילט אונז אַז
ער מיט דיין שותף האָבין דיך געטראָפין ליגען אין וואַלד אַ דערשאָסענים.
האָבין זייא דיך אַריין געבראַכט אין שטאָט און מקבר געוועזן. נו א
דאַרף איך נאָך אַ בעסערין בעוויז האָבין אויף דיין טוידט?
יאָזעף (חאַפּט זיך אָן פאַרין קאָפּ) וואָס הער איך? יאַנקיל האָט צוריק
געבראַכט מיין געלד?
דוד וועלוויל, דאַרפסט דאָס אפשר האָבין אויף יענער וועלט? געה זשע
זאָג דער מומין וועט זיא דיר דאָס אָפּ געבין! . .
(פראַדיל ווייזט זיך אויף דער זייטין טיר שרייט אויס; "גוואַלד! דער
מת איז נאָך דאָ! אונד לויפט אָב)
יאָזעף (שרייט אויס) גרויסער גאָטט! וואָס איז דאָ פאַר איין
אינטריגע געשעהען וואָס אַלע מאַכין מיך פאַר אַ מת? אפילו
מיין אייגענער פאַטער וויל מיך פאַר אַ געשטאָרבינעם זעהן! (צום
פאַטער) אָ פאַטער! וועט דיר דען גוט זיין אַז איך זאָל אַזוי יונג אָפּ
שטאַרבין פון דער וועלט? און נאָך בייא דיין לעבין!
שמואל זרח (גיבט אַ פּאַטש מיט ביידע הענד) גוואַלד וועל איך
שרייען וואָס טהוט זיך דאָ מיט מיר? איך ווייס אַז ער
איז געשטאָרבין, און צום סוף זעה איך דאָך פאָרט אַז ער לעבט!
וויא בין איך דאָ אין דער וועלט הא?
יאָזעף (געהט צו אים צו) מען האָט דיך גענאַרט פאַטער! מיינע
אייגעני מערדיר וועלכע האָבין אויף מיר געשאָסין, האָבין
דאָס אויס געטראַכט אַז זייא האָבין מיך געפונען אַ טוידטען און האָבין
מיך מקבר געוועזן! כדי זייא זאָלין אַרויס רייןּ פון דער רציחה. קוק זיך
צו פאַטער! (ער רוקט זיך צו אים צו געהענטער. שמואל זרח רוקט
זיך אָב פון אים) זעה, דיין יאָזעף לעבט!
שמואל זרח (פער וואונדערט) שטאַטש, איז דאָך אין דיא צווייען
דיא קשיא! פאַר וואָס האָבין זייא אויף דיר געשאָסין,
זייא זענען דאָך גאַנץ ערענטליכע לייט? און אַז דוא ביזט יאָ ניט
געשאָסין געוואָרין פאַר וואָס ביזטו ניט געקומען באַלד צו אונז? וואָס
האָסטו זיך עפּיס נאָר דער מאַנט אין אונז ערשט אין 3 חדשים אַרום, הא?

יאזעף



יאָזעף, אָט הער אויס פאַטער וועל איך דיר דער ציילען דיא גאַנצע
געשיכטע, יאַנקיל מיט מיין שותף זענען געוועזן ביידע אָפּ
גירעדט אַז מען זאָל מיך שיסען פאַר וואָס? ווייס איך שוין יעצט ניט
איך האָב ביז איצט געדענקט אַז איבער מיינע טויזענד רובּיל איז דאָס
אַזוי געוועזן, אָבער דוא זאָגסט אַז יאַנקיל האָט דאָס אויך צוריק
געבראַכט, דאָ האָבין שוין דיא מערדיר געמוזט האָבין איין אַנדער אויס
זיכט אויף מיין טוידט וואַרשיינליך! דער שותף האָט אויף מיר אויס
געשאָסין, אָבער ער האָט מיר נור שווער געראַנעט. און אויף מיין
גליק איז אָן געקומען מיין ברודער מאיר (ווייזט אויף אים, יענער געהט
צוא) און האָט מיך געבראַכט צו זיך אין ביאַלאַסטאָק און דאָרטין בין
איך בייא אים געוועזן 3 חדשים און ער האָט מיר, דורך זיינע גרויסע
קענטניסע אין דער מעדעצינע, געזונד געמאַכט (נעהמט מאירין אַרום)
דיר מיין ברודער האָב איך מיין יעצטיג לעבין צו פערדאַנקין!
שמואל זרח. ברוך מחיה מתים! (האַפּט יאָזעפין אַרום) יוסף חי!
מיין גליק איז יעצט זייער גרויס! איך דאַנק דיר
גאָטט! איך קאָן שוין אַצונד רוהיג שטאַרבין! אין איין טאָג האָב איך
ביידע קינדער געפונען! (קושט אים) מיין טהייערער יוסף! מיין ליב קינד!
איך קאָנן אַצונד זאָגין יעקבם ווערטער אויף דיר! ראות פניך לא
פללתי. איך האָב שוין מער ניט געטראַכט דיך צו זעהן, האָט מיר
גאָטט געהאָלפין אַז איך זעה נאָך דיין ברודער אויך! (קושט מאירין אויך).
יאָזעף (צו דוד וועלווילין, רופט אים) קום הער דוד וועלווילע, וואָס
שרעקסטו זיך פאַר מיר?
דוד וועלוויל (געהט לאַנגזאַם) דוא געהסט ניט אין תכריכים? . . .
(אַלע דרייא פערזאָנען לאַכין).
יאָזעף (שטעלט זיך געגין אים, צו נעהמט זיין ראָק:) זעה, האָב איך
דען תכריכים אויף זיך?
דוד וועלוויל (לאַכט, לויפט צו אים צוא).
יאָזעף (נאָכדעם אַז ער האָט זיך מיט אים צו קושט) זאָג מיר דוד
וועלווילע וואָס מאַכט מיין הדסה?
דוד וועלוויל, זיא איז איצטער אַזוי אָרעם אַזש סכנות! זיא וואוינט
אין אַ פיצעלי שטיבעלי אַזש!
יאָזעף (גיבט זיך אַ חאַפּ פאַרין קאָפּ) גאָטט מיינער! דרויף איז זיא
שוין איבער געקומען אין אַזאַ קורצע צייט? וויא זענען דיא
טויזענד רובּיל וואָס יאַנקיל האָט צוריק געבראַכט? וויא איז איר צירונג,

אירע

אירע מַלבּוּשִׁים, אוּנ אַזאַ טְהֵייער מֶעבּיל?

**שְׁמוּאֵל זֶרַח** (לָאזְט אַרָאפּ דָעם קָאפּ אוּנ זִיפְצְט).

**דָוִד וָועלְוְויל** (בֵּייסְט יָאזֶעפִין פַאר אֵיין אַרְבִּיל) וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד יָאזֶעף אַז אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג! לָאם אִיךְ קְרֶענְקֶען, לָאם אִיךְ אַ מִיתָה מְשׁוּנָה אֵיין נֶעהְמִין דָא בַּאלְד אוֹיף דֶעם אָרְט אוֹיבּ אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג!...

**יָאזֶעף** מִיט מֵאִירִין, אִין וָואס בִּיזְטוּ נִיט שׁוּלְדִיג?

**דָוִד וָועלְוְויל** (גְלֶעט יָאזֶעפִין מִיט בֵּיידֶע הֶענְד) אוֹי אוֹיף מַיינֶע הֵיילִיגֶע נֶאֱמָנוּת אַז אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג! דִיא טוּמְע מַאכִי הָאט מִיר אָן גִירֶעדְט!...

**יָאזֶעף** מִיט מֵאִירִין, וָואס זְשִׁי הָאט זִיא דִיר אָן גִירֶעדְט?

**דָוִד וָועלְוְויל**, זִיא הָאט מִיר אָן גִירֶעדְט.... אָבֶּער זָאג יָאזֶעף אַיָא אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג?...

**יָאזֶעף** מִיט מֵאִירִין, אָבֶּער זָאג דָאךְ שׁוֹין וָואס הָאט זִיא דִיר אָן גִירֶעדְט?

**דָוִד וָועלְוְויל**, זִיא הָאט מִיר אָן גִירֶעדְט אַז אִיךְ זָאל הֲדַסָהן נִיט גֶעבִּין קֵיין חֲלִיצָה בִּיז זִיא וֶועט מִיר נִיט אַוֶועק גֶעבִּין דִיא טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלִיךְ מִיט דֶעם גַאנְצִין צִירוּנְג.

**יָאזֶעף** (מִיט שׁוֹידֶער) הֲדַסָה הָאט שׁוֹין גֶענוּמֶען חֲלִיצָה?

**שְׁמוּאֵל זֶרַח**, אַוַודְאי אַוַודְאי הָאט זִיא גֶעמוּזְט נֶעהְמִין חֲלִיצָה, זִיא הָאט דָאךְ קֵיין קִינְד מִיט דִיר גֶעהַאט!

**יָאזֶעף** (צוּ דָוִד וָועלְוְולִין, מִיט הַאס) נוּא הָאסְט גֶעפָּאלְגְט אוּנ אִיר אָפּ גֶעבְּראָבֶּעוֶועט?

**דָוִד וָועלְוְויל** (וֵויינְט) וָואס זְשִׁי הָאבּ אִיךְ גִיקֶענְט טְהוּן? אַז דִיא טוּמְע הָאט מִיר אַיין גִירֶעדְט אַז זִיא וֶועט מִיךְ שְׁטֶענְדִיג לִיבּ הָאבִּין אוּנ וֶועט מִיר גֶעבִּין אַ שֵׁיינֶע כַּלָה מִיט אַ סַךְ נְדָן. נוּא וָואס זְשִׁי בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג? אַז זִיא וֶועט דִיר אַזוֹי אַיין רֶעדִין, וֶועסְטוּ אִיר דֶען נִיט פָּאלְגֶען?...

**יָאזֶעף** (צוּם פָּאטִיר) אוּנ דוּא פָּאטֶער הָאסְט דֶער לָאזְט אַזַא טִירַאנְסְטְוָועא אוֹיף טְהוּן פוּן דַיין פְרוֹי, אוּנ קִינְד?

**שְׁמוּאֵל זֶרַח**, גָאטְט אִיז מַיין עֵדוּת אַז אִיךְ הָאבּ אִין דֶעם קֵיין טְהֵייל נִים: אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיגֶען; דָוִד וָועלְוְויל זָאלְסְט בַּייא אִיר גָאר נִיט נֶעהְמִין פַאר חֲלִיצָה גֶעבִּין! הָאט עֶר אָבֶּער פַּעסִיר גֶעהֶערְט דִיא טוּמְען אַיידֶער אַ טַאטִין צוּ הֶערִין, וָואס זְשִׁי הָאבּ אִיךְ גֶעקֶענְט טְהוּן

טְהוּן



טְהוּן מִיט דֶעם עֶקְשָׁן? אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אֶפְשַׁר וֶועט עֶר נַאכְדֶעם מִיר גֶעבִּין דָאס גֶעלְד מִיטִין צִירוּנְג צוּ בֶּעהַאלְטִין, וֶועל אִיךְ דָאס תֵּיכֶּף הֲדַסָהן צוּרִיק גֶעבִּין, אָבֶּער צוּם אוּנְגְלִיק הָאט דָאס פְרַאדִיל בַּייא אִים בַּאלְד צוּ גֶענוּמֶען, אוּנ בַּייא אִיר דָאס אָפּ גֶעהְמִין הָאבּ אִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט!

**דָוִד וָועלְוְויל** (צוּם פָאטֶער) אִיךְ זָאל אַזוֹי לֶעבִּין טַאטִי אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דִיךְ גֶעוָואלְט פָאלְגֶען אוּנ אִיר גֶעבִּין אוּמְזִיסְט דִיא חֲלִיצָה, נוּר דִיא טוּמֶע הָאט מִיר אָבֶּער אַלֶע מָאהְל גֶעצְוִוינְגֶען בַּיים אַרְבַּע כַּנְפוֹת, אַז אִיךְ זָאל דִיךְ נִיט פָאלְגֶען, נוּא הָאבּ אִיךְ טַאטִי דִיר נִיט גֶעפָאלְגְט!

**יָאזֶעף** (מִיט הִיץ) אִיךְ לוֹיף צוּ מַיין פְרוֹי! (דְרֶעהְט זִיךְ אוֹיס צוּם גְלַאוְונִי טִיר) לָאם אִיךְ זִיא חָאטְשׁ זֶעהְן! זִיא זִיצְט אַוַודְאִי פוּן מַאנְכֶע טֶעג אָהְן אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט גָאר! (ווִיל גָעהְן).

**מֵאִיר** (הַאלְט אִים אַיין) אוּם גָאטֶעס ווִילֶען יָאזֶעף זָאלְסְט נָאךְ נִיט גֶעהְן! דוּא וֶועסְט אִיר אִיבֶּער שְׁרֶעקִין מִיט דַיין פְלוּצְלִיכֶען אָן קוּמֶען צוּ אִיר! זָאל דֶער פָאטֶער צוּ אִיר פְרִיעֶר אַ בְּרִיף שִׁיקֶען אוּנ אִיר אָן מֶעלְדִין אַז דוּא קוּמְסְט בַּאלְד צוּ פָארִין וֶועט זִיא דִיר דַאן גַאנְץ רוּהֶעג בֶּעגֶעגְנֶען.

**שְׁמוּאֵל זֶרַח** (צוּ יָאזֶעפִין) יָא יָא מַיין קִינְד, עֶר הָאט רֶעכְט, וָואנְסְט קֶען זִיא פוּן שְׁרֶעק חָלִילָה אוֹיס גֶעהְן! מָאהְלְט דֶעךְ אַז אִיךְ בִּין אַ מַאנְס פֶּערְזָאן אוּנ אַסַאךְ עֶלְטֶער פוּן אִיר, הָאבּ אִיךְ זִיךְ דֶער שְׁרָאקִין, בִּפְרַט אַ יוּדֶענֶע נָאךְ?

**מֵאִיר**, אֵיידֶער מֶע וֶועט דֶעם בְּרִיף שְׁרַייבֶּען וֶועלִין מִיר פְרִיעֶר נֶעהְמִין צוּ בִּיסְלֶעךְ בְּרָאנְפִין!

**שְׁמוּאֵל זֶרַח**, אַוַודְאִי אַוַודְאִי קוּמְט אַצוּנְד פוּן מִיר בְּרָאנְפִין אַז גָאטְט הָאט מִיר אוֹיף אַזוֹי פִיל אוֹיס גֶעהָאלְפִין הַיינְטִיגֶען טָאג! אִיךְ וֶועל נָאךְ אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם מַאכִין אַ סְעוּדָה פַאר גָאר אוּנְזֶערִי לִיעבֶּע! (צוּ דָוִד וָועלְוְולִין) גֶעה דָוִד וָועלְוְויל אַרַיין אִין זַאל אוּנ בְּרֶענְג אַהֶער בְּרָאנְפִין מִיט לֶעקֶעךְ! (טוּפֶּעט מִיט אֵיין פוּס אוּנ פְרֶעהְלִיךְ זָאלִין מִיר זַיין!

**דָוִד וָועלְוְויל** (לַאכְט, נֶעהְמְט אַבּ דוּרְכִין גְלַאוְונִי טִיר.

---

## אַכטער אויפטריט

### דיא פאריגע אָהן דוד וועלוולין.

(אַלע דרייא פערזאָנען געהן צוא צום טיש, שמואל זרח שטעלט א שטול אויבין אָן רעכטס זעצט זיך דרויף, מאיר זעצט זיך אויף דער צווייטער שטול וועלכע שטייט נעבין טיש אין דער מיט צום פובליקום, יאָזעף זעצט זיך אויף דער דריטער שטול נעבין מאירין לינקס, אונטער געשפּאַרט מיט ביידע הענד דעם קאָפּ, פערטראַכט).

שמואל זרח (צו מאירין) זאג מיר דעם אמת מאיריל, דוא רויכערסט שוין היינט ניט קיין פּאַפּיראָסין אום שבת?

מאיר, גלויב מיר פּאַטערשי אַז איך רויכער אַפילו אים דער וואָכין אויך ניט, אונ איך האָב גאָר קיין מאָהל ניט דעם לוסט געהאַט צו רייכערין!

שמואל זרח, פאַר וואָס זשי האָט פראַדיל דערנסט מאָהל געפונען אין דיינע שבתדיגע הויזען אַ פּעקיל טאַבאַק מיט שוועבעליך?

מאיר, אונ ווער קען דאָס ניט פערשטיין אַז דאָס האָט זיא מיר אַליין אונטער געוואָרפין כדי דוא זאָלסט מיך אַרויס יאָגען פון דער שטוב? צו דען קאָנסטו נאָך ניט אויף איר דאָס גלויבען? מיר דוכט אַז פון דער יעצטיגער חליצה אַליין דאַרפסטו שוין פערשטיין וואָס פאַר אַ צדקניות דאָס איז!..

שמואל זרח (מיט אַ זיפץ) גירעכט מיין קינד! (דוד וועלוויל קומט אַריין דורכין גלאַזוני טיר מיט אַ טאַץ, דרויף שטעהט אַ פלעשיל בראָנפין, מיט דרייא זילבערנע בעכערלאַך אונד אַ שאָל מיט לעקעך).

## ניינטער אויפטריט

### דוד וועלוויל אונד דיא פאריגע.

דוד וועלוויל (שטעלט דיא טאַץ אויפין טיש).

מאיר (צו אים) ברענג אַריין אַ טינט אונ פעדער אויך!

דוד וועלוויל (אַב דורכין פאריגען אַרויס נאָנט).

---



## צעהנטער אויפטריט

### דיא פאריגע אָהן דוד וועלוולין.

שמואל זרח (נאָכדעם אַלס ער האָט אָן געגאָסין אַלע דרייא כוסות נוא קינדערליך! אַצונד זאָלין מיר אונז משמח זיין! (צו יאָזעפין) אונ דוא יוספיל, האָסט זיך גאָר ניט וואָס צו זאָרגען, הדסהן האָסטו צוריק פאַר דיין פרוי, אונ דיין געלד מיט דעם צירונג וועסטו אויך אָפּ נעהמין, אַפילו פאַ זאַקאַני קומט דאָס דיר, בפרט פראַדיל וועט גאָר אַזוי שלעכט זיך ניט וועלין ווייזין אונ וועט דאָס דיר אָפּ געבין מיט גוטין ווילען, (הייבט זיין כוס אין דער הייך) לחיים קינדערליך! (טרינקט אויס).

מאיר מיט יאָזעפין (נעהמין זייערי כוסות אין דיא הענד) לחיים פּאַטער! גאָט זאָל געבין אַז דוא זאָלסט זעהן ביא דיינע קינדער נור שמחות! (טרינקען).

שמואל זרח (גיסט אָן אַלע כוסות נאָכמאָלס, עסט לעקעך) אָמן! וכן יהי רצון! טרינקט זשי מיט מיר ווייטער קינדערליך! (ער טרינקט).

מאיר מיט יאָזעפין (נעמין דיא כוסות צום מויל, שטעלין באַלד אַוועק, עסין לעקעך, פראַדיל קומט אַריין דורכין זייטין טיר).

## עלפטער אויפטריט

### פראַדיל אונד דיא פאריגע.

פראַדיל (שטייט נעבין טיר מיטין פּנים צו דיא פערזאָנען:) אַלהע בייזע חלומות צו מיינע שונאימס קעפּ! זייא טרינקען גאָר בראָנפין מיט אים!

שמואל זרח (גיסט זיך אָן נאָך אַ כוס, נעהמט טרינקען;) פרעהליך זאָלין מיר זיין!

יאָזעף (צו פראַדלין) קומט הער מומעניו וועט איר אויך טרינקען!

פראַדיל דוא לעבסט טאַקי יוספיל?

יאָזעף, מיינע שונאים להכעיס וועל איך אם ירצה השם טאַקי לעבין!

פראַדיל (לויפט צו אים צוא, קושט אים) געלויבט ביזטו גאָט!

שמואל זרח (גיסט זיך נאָכמאָלס אָן, טרינקט:) לחיים קינדערלאַך! איך זעה אַז איר טרינקט ניט. טרינק איך אייער חלק אויס

אוים , נור שרעקט אייך ניט קינדערליך . איך האב א גאנצען פאדרוואל מיט בראנפין נאך . עס וועט פאר אייערט וועגין זיין גענוג , טרינקט אונ ניט געזארגט ! (קלאפט מיטין פוס) אונ פרעהליך זאלין מיר זיין ! (דוד וועלוויל קומט אריין דורכין גלאוונע טיר מיט א טינט אונ פעדער) .

## צוועלפטער אויפטריט

### דוד וועלוויל אונד דיא פאריגע

דוד וועלוויל (שטעלט נעבין מאירין טינט אונ פעדער , קוקט צוא פראדלין ברוגז :) אט איז זיא טאקי געקומען ! (צו יאזעפין) זעהסט יאזעף , טאקי זיא האט מיר אן גירעדט אז איך זאל אפ ראבעווען הדסהן !

פראדיל (האלב רויט , צו אים) א דוא ליגנער ! איך האב דיר אן גירעט זאגסטו נאך ? איך ? . . .

דוד וועלוויל (חאפט זיך אן פארין קאפ) אוי וועה איז מיר ! פאר אזוי פיל מענשין אין דיא אויגען וויל זיא מיר לייקענען !

פראדיל מיט כעס צו אים) ביזט אליין א ליגנער דוא שגץ איינער !

יאזעף (צו דוד וועלוולין) וואס האסטו פאר נומען ביי הדסהן ?

דוד וועלוויל , טאקי טויזענד קערבליך מיט צוויא פושקעליך צירונג , נור וויא איך בין א יוד אז איך האב דאס גאר אפילו ניט אין זינען געהאט צו געהמין ביי איר , האט זיא (ווייזט אויף פראדלין) האט מיר אבער אן גירעדט אז איך זאל ביי איר דאס נעהמין .

פראדיל , ביזט א ליגנער איך האב דיר ניט אן גירעדט !

דוד וועלוויל , אוי וועה ! איך וועל אייך . . . . . .

יאזעף (שלאגט אים איבער) אונ וויא האסטו דאס אהין געטהון ?

דוד וועלוויל , טאקי זיא דיא מומע האט דאס ביי מיר באלד צו גענומען דער מאטי ווייסט אויך דער פון , (צום פאטיר) א יא מאטע ?

שמואל זרח (גיסט זיך אן א כוס , נעמט צום מויל) לחיים קינדערליך ! (טרינקט) .

פראדיל . נוא וואס איז דאס פאר א משל ? האסט מיר געבעטין , איך זאל דאס דיר בעהאלטין האב איך דיר צו ליב געטהון , אבער זאג ניט אז איך בין דער חייב אין דעם !

דוד וועלוויל (וויינענד , רייסט זיך ביי דיא פאות) וועה איז מיר , איך



איך וועל מיר אזש שטעכין פאר כעס ! וויא קען א מענש זאגין אזא ליגען הא ? (צו איר מיט גרעסטין כעס) הערט איר מומע , אז איר וועט זיך ניט מודה זיין וועל איך אייך אזש רופען אין אלע גאסין ליגנערטי ! אונ ליגנערטי !

יאזעף (צו פראדלין) מילא דיא אלע זאכין לאמיר א וועק לעגין , צוא איר האט אים יא אן גירעדט , צו ניט אן גירעדט וויל איך דאס אצונד גאר ניט וויסען , איר מומעניו זייט זיך מטריח אונ טראגט מיר אריין דאס געלד מיט דעם צירונג וואס ער האט אייך גיגעבין . וואדין דאס איז מיינס ! איר זעהט דאך אז איך לעב אלזא גיהערט דאס צוא מיר !

פראדיל (ארפ געלאזין דיא נאז) נוא נוא איך וועל דאס דיר אפ געבין .

יאזעף . ניין טאקי שוין ! זאגסט מעלדע איך דאס אן דיא ריכטער וועלין זייא אייך פערסודען אויף א יאהר אין אסטראג צו זיצען !

פראדיל (דרעהט זיך אוים צום גלאוונע טיר) שא שא ! נא דיר דאס אפ אונ שטראשע מיר ניט מיטין אסטראג ! לאזין מיינע שונאים דארטין זיצען , ניט איך ! (אב דורכין גלאוונע טיר) .

## דרייצעהנטער אויפטריט

### דיא פאריגע אהן פראדלין .

דוד וועלוויל (שטעלט זיך נעבין מאירין) .

מאיר (צום פאטער) נוא פאטער וועסטו שרייבין צו הדסהן א בריוועלע ?

שמואל זרח (נעהמט דאס פלעשיל אין האנד) איך בין דיר מוחל דיא ארבעט , שרייב דוא דעם בריעף אונ איך וועל טרינקען בראנפין (גיסט זיך אן א כוס) .

מאיר , אבער חתמינען דרויף וועסט זיך .

שמואל זרח (טרינקט) אך מיט דעם שענסטין צוק אפילו !

מאיר (נעמט ארויס פון טאש א וועקסעל , זעצט זיך אויף דעם שרייבין) .

דוד וועלוויל (צו מאירין שטיל) זעה נור מאיר מיר דוכט זיך אז דאס איז גאר א וועקסעל ?

מאיר , הער אונ זעה אונ שווייג וועסטו זיין א וואויל אינגיל !

דוד וועלוויל , נוא נוא וועל איך טאקי שווייגען .

יאזעף (זיצט אונטער געשפארט מיט ביידע הענד דעם קאפ פערזארגט) .

שמואל

**שמואל זרח** (שטייט אויף פון ארט, פאלט פון דיא פיס) אט אצונד ווייס איך אז איך בין פרעהליך! (שפאנט איבער דער סצענע וויא א שכור'ער) אט דאס הייסט פרעהליך! וואס דען? אז מען לעבט זאל מען לעבין! (ער קומט צו צו יאזעפין. קושט אים) דוא ביזט מיר א בן פורת יוסף! געלעבט זאל זיין! ניט געזארגט! (געהט צו צו מאירין וויל אים אויך קושען).

**מאיר** (מיט איין האנד פארשטעלט ער דאס וועכסעל, מיט דער צווייטער האנד לאזט ער אים ניט צו צו זיך), דוא וועסט מיר אונטער שלאגין פאטער!

**שמואל זרח**, שלאגין וועל איך גאר דיך? הא! נאריש קינד! איך וויל דיך קושען ניט שלאגין! (וויל אים קושען).

**דוד וועלוויל** (לאכט).

**מאיר** (לאזט אים ניט) ניין פאטיר, איך זאג אז דוא וועסט מיר דעם שרייבען אונטער שלאגין!

**שמואל זרח**, און איך וועל טאקי האבין רעכט! וואס איז אצונד פאר א שרייבען גאר? אצונד דארפין מיר פרעהליך זיין! (קלאפט מיטין פוס) פרעהליך זאלין מיר זיין!

**מאיר**, נוא דער פאר שרייב איך דאך צו הדסהן, אז זיא זאל אונז העלפין פרעהליך זיין!

**דוד וועלוויל** (קוועטשט זיך דיא באקין, שטיקט זיך פון געלעכטער).

**שמואל זרח** (דרעהט פון אים זיך אב) הא! צו הדסהן? יא יא גירעכט מיין קינד שרייב צו איר! (שפאנט שיכורער הייט איבער דער סצענע. בלייבט שטיין גאנץ נאהענט צום פובליקום הייעט זיך פון דיא פיס. קנאקט מיט איין פינגער, שמייכעלט זינגט דעם ליעד:)

ווער איז גליך צו מיר
אצונדערט אויף דער וועלט
איך בין דאך רייכער פונים גביר
וואס פערמאגט מיליארדין געלד.

---

גרוים איז יעצט מיין גליק
גרוים אהן א שיעור
אז איך האב שוין צוריק
מיינע פערלוירענע קינדער בייא מיר.

אין



אין פריידען בין איך אריין
דער טרויער איז אוועק מיטין רויך
(קלאפט מיטין פים) פרעהליך לאם איך זשי זיין
(טאנצט) און טאנצין מעג איך אויך!

**מאיר** (צו שמואל זרחין) פאטער! דער בריעף איז שוין פערטיג. געה שרייב זיך אונטער!

**שמואל זרח** (געהט צו אים, שאקעלט זיך פון דיא פים) פרעהליך זאלין מיר זיין! (בלייבט שטיין נעבין טיש, מאיר גיבט אים דיא פען אין האנד, שטעלט זיך אויף פאר שטעלט מיט איין האנד דאס וועכסיל, שמואל זרח זעצט זיך).

**מאיר** (ווייזט אים מיט דער צווייטער האנד אויף אונטען וויא ער זאל זיך אונטער שרייבען:) אט דא פאטער שרייב זיך אונטער. (נעמט אוועק דיא האנד).

**שמואל זרח**. וואס זשי זאל איך שרייבען?

**מאיר**, נור דיין נאמין מיט דיין פאמיליע.

**שמואל זרח** (לאכט) אט דאס איז גאר? (שרייבט) אויך מיר א וואזשנע זאך! (לעגט אוועק דיא פען שטייט אויף) אט האב איך שוין אפ געשריבען, און דול מיר מער קיין קאפ ניט מיט שרייבעכצין!

**דוד וועלוויל** (שטיקט זיך פון גילעכטיר).

**מאיר** (נעמט צו זיך דאס וועכסיל, ווייזט אים א צייכען צום שווייגען).

**דוד וועלוויל** (קוועצט זיך דיא באקין) יא יא איך שווייג!

**שמואל זרח** (צו אים) דוא שווייגסט זאגסטו? אוי וועל איך דיר געבין! (שטראשעט אים מיט איין פינגער) פרעהליך דארף מען זיין הערסטו צו ניין?

**דוד וועלוויל** (פלאצט ארוים מיט א גרוים געלעכטער).

**שמואל זרח** (געהט פון אים אוועק, קנאקט מיטין פינגער) יא יא אט אזוי מיין איך! פרעהליך און לעבעדיג! שפאצירט איבער דער סצענע. פראדיל קומט אריין דורכין גלאווני טיר מיט א פאק פאזימען און צוויא שעכטעליך צירונג)

## פירצעהנטער אויפטריט

### פראדיל אונד דיא פאריגע

**פראדיל** (געהט צו, צו יאזעפין) נא דיר יוספיל אפ דיינם, און ווייס

אז

אַז אִיךְ בִּין דִיר מְבַייא, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוָואלְט פֶערְלַאנְגֶען רַייטְס וָואס אַהָאר הָאט דִיא וֶוערְטֶה, (גִיבְּט דָאס אִים אָפּ).

**יָאזֶעף** (נַאכְדֶעם אַלְס עֶר הָאט אִיבֶּער גֶעצֵיילְט דִיא פָּאזִיטֶען, אוּנ גֶעפִינְט דִיא שַׁאכְטְלִין, הָאט עֶר זֵייא אַרַיין גֶעלֵייגְט אִין זַיין הוֹיזֶען טַאשׁ:) יָא מִיט אַייעֶר טְרַייהַייט צוּ מִיר בִּין אִיךְ שׁוֹין לַאנְג אִיבֶּער צֵייגְט גֶעוָוארִין!

**מֶאִיר** (צוּם פָּאטִיר) טַאטִי, דוּא וֵוייסְט אוֹיף וָואס דוּא הָאסְט זִיךְ אוּנְטֶער גֶעשְׁרִיבֶּען?

**שְׁמוּאֵל זָרַח** (דְרֶעהְט זִיךְ אוֹיס מִיטִין פָּנִים צוּ אִים) אַז הֲדַסָה זָאל אוּנְז הֶעלְפִין פְרֶעהְלִיךְ זַיין!...

**דָוִד וֶועלְוְוִיל** (צוּ לַאכְט זִיךְ גַאנְץ הוֹיךְ).

**מֶאִיר**, נֵיין פָּאטִיר, דוּא הָאסְט זִיךְ אוּנְטֶער גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף אַ וֶועכְּסִיל אַז דוּא בִּיזְט מִיר שׁוּלְדִיג 10 טוֹיזֶענְד רוּבִּיל! (וַוייזְט אִין דֶער הוֹיךְ דָאס וֶועכְּסִיל:) אָט אִיז דָאס וֶועכְּסִיל!

**פְרַאדִיל** (חַאפְּט זִיךְ אָן פַארִין קָאפּ) פִינְסְטֶער אִיז מִיר! וִויסְט אִיז מִיר!

**שְׁמוּאֵל זָרַח** (לַאכְט) מַיין גַאנְץ פַארְמֶעג טְרֶעפְט נִיט אָן אַזוֹי פִיל! אַפִילוּ הַאלְבּ אוֹיךְ נִיט!

**מֶאִיר**, דָאס הַארְט מִיךְ וֶוענִיג, אִיךְ וֶועל בַּייא דִיר צוּ נֶעהְמִין אַפִילוּ דִיא לֶעצְטִי קִישֶׁענְס וָואס דוּא הָאסְט! (לֶעגְט אַרַיין אִין טַאשׁ דָאס וֶועכְּסִיל.

**פְרַאדִיל** (חַאפְּט זִיךְ אָן פַארִין קָאפּ לוֹיפְט צוּם זַייטִין טִיר) גְוַואלְד! אִיךְ הַאלְט דָאס נִיט אוֹיס!

**שְׁמוּאֵל זָרַח** (גֶעהְט צוּ, צוּ אִים) אַ טַאטִין טְהוּט מֶען אַזוֹי? אוֹיף דְרוֹיף בִּיזְטוּ צוּ מִיר גֶעקוּמֶען אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ אוֹיף מַיין עֶלְטֶער פַאר אַיין בֶּעטְלִיר מַאכִין? אִי פֶע! אַזַא נְבָלָה הָאט נָאךְ קַיין קִינְד נִיט גֶעטְהוּן אַ טַאטִין!

**מֶאִיר**, אוּנ אִיךְ וֶועל דָאס אוֹיךְ נִיט טְהוּן! דִיךְ פַאר אַיין בֶּעטְלֶער חָלִילָה מַאכִין וֶועל אִיךְ קַיין מָאהְל נִיט טְהוּן פַאר קֶערְט, אִיךְ וֶועל דִיךְ אַרַיין נֶעמֶען אִין מַיין וְואוֹינוּנְג וָואס אִיךְ וֶועל זִיךְ אָפּ קְלוֹיבִּין, אוּנ וֶועל דִיר פֶערְשַׁאפִין אַ שֵׁיין מֶעבְּלִירְטֶען צִימְמֶער, בַּייא מַיין טִישׁ וֶועסְטוּ עֶסִין אוּנ וֶועל דִיר עֶהְרְלִיךְ הַאלְטִין וִויא אַ טַאטִין קוּמְט. נוּר פְרַאדִיל זָאל מֶער פַאר אוּנְזֶערִי אוֹיגֶען נִיט קוּמֶען.

**שְׁמוּאֵל זָרַח** (נָאךְ אַ קוּרְצֶע פּוֹיזֶע) טָא! זָאל זַיין אַזוֹי!

**דָוִד וֶועלְוְוִיל** (בַּייסְט מֶאִירִין בַּיים אַרְבִּיל) אוּנ מִיר מֶאִיר? מִיר וֶועסְטוּ

טאקי



טַאקִי אוֹיךְ מִיט נֶעמִין?

**מֶאִיר**, דוּא וֶועסְט אוֹיךְ זַיין בַּייא אוּנְז, נוּר דֶער טוּמֶען (קוּקְט צוּ אִיר) שְׁטוּפּ אִיךְ אַרוֹיס נָאךְ הַיינְטִיגֶען טָאג פוּן דַאנֶען! אִיךְ בִּין שׁוֹין דָא בַּעַל הַבַּיִת אוּנ נִיט דֶער פָּאטֶער! (הֵייבְּט זִיךְ אוֹיף פוּן אָרְט, יָאזֶעף טְהוּט אִים נָאךְ).

**פְרַאדִיל** (שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגְין אִים) וֶועה אִיז מִיר! וֵוינְד אִיז מִיר! וָואס הָאסְטוּ צוּ מִיר רָאזְבּוֹינִיק אֵיינֶער! וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר אַזוֹינְס גֶעטְהוּן וָואס דוּא מַאכְסְט אִין אֵיין מִינוּט מִיךְ אַזוֹי אוּנְגְלִיקְלִיךְ?

**מֶאִיר** (שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגְין אִיר, מַאכְט מִיט אֵיין הַאנְד) דֶער פַאר וָואס אִיהְר הָאט מִיר אַ מָאהְל אָן גֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע צָרוֹת, דֶער פַאר וָואס אִיר הָאט דָוִד וֶועלְוְוֶולִין קַיין עֶסִין נִיט גֶעוָואלְט גֶעבִּין, אוּנ דֶער פַאר וָואס אִיר הָאט אִים אָן גִירֶעדְט אַז עֶר זָאל מַיין שְׁוֶוענֶערִין אָפּ רַאבֶּעוֶוען פַאר חֲלִיצָה גֶעבִּין! (דְרֶעהְט זִיךְ פוּן אִיר אַוֶועק).

**דָוִד וֶועלְוְוִיל** (רֵייצְט זִיךְ מִיט אִיר מִיט דִיא פִינְגֶער) אַ מִצְוָה אַ מִצְוָה! אִיךְ קְוֶועל, אִיךְ קְוֶועל! אִיךְ הָאבּ אַ נְקָמָה!

**פְרַאדִיל** (צוּם מַאנְן) שְׁמוּאֵל זָרַח! וָואס שְׁוַויינְסְטוּ? דוּא וֶועסְט לָאזִין דֶעם כָּל בּוֹנִיק מִיךְ אַרוֹיס טְרַייבֶּען?

**שְׁמוּאֵל זָרַח** (הֵייבְּט מִיט דִיא אַקְסְלֶען) מֵילָא! אִיךְ קֶען דִיא וֶועלְט נִיט פֶערְזָארְגֶען! עֶר וִויל אַזוֹי, וָואס פַאר אַ דַאֲגָה מִיר אִיז? זָאל זַיין אַזוֹי! (גֶעהְט אִיבֶּער דֶער סְצֶענֶע קְנַאקְט מִיטִין פִינְגֶער) אוּנ פְרֶעהְלִיךְ זָאלִין מִיר זַיין!..

**פְרַאדִיל** (צוּם מַאנְן) שְׁטַייטְשׁ עֶר וִויל אַזוֹי? עֶס אִיז הֶפְקֵר אַ וֶועלְט? גֶעה מֶעלְד דָאס אָן אִין סוּד, עֶס אִיז דָאךְ אַ רֵיינֶע אָבְּמַאנְסְטְוֶוע! אָן שְׁכּוּרִין אַ טַאטִין אוּנ אַרוֹיס נַארִין זַיין חֲתִימָה אוֹיף אַ וֶועכְּסִיל פוּן 10000 רוּבִּיל? וָואס הֵייסְט דָאס הַא?

**שְׁמוּאֵל זָרַח** (שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגְין אִיר) אַוַודַאי בִּיזְטוּ גִירֶעכְט! צֶעהְן יָאהְר אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעזֶעהְן מַיין קִינְד אוּנ אַצוּנְד אַז עֶר אִיז צוּ מִיר יָא גֶעקוּמֶען וִוילְסְטוּ גָאר אַז אִיךְ זָאל אִים אִין אַ סְטְרָאג אַרַיין וַוארְפִין? וָואס מֵיינְסְטוּ? אִיךְ זָאל הָאבִּין דַייז הָארֶץ וָואלְט אִיךְ דָאס טַאקִי גֶעדַארְפְט טְהוּן!

**מֶאִיר** (לַאכְט, צוּם פָּאטֶער) קוּם פָּאטֶער צוּ הֲדַסָהן! (עֶר גֶעהְט צוּא דֶער גְלַאוְונִיר טִיר, יָאזֶעף מִיט דָוִד וֶועלְוְוֶולִין גֶעהֶען אִים נָאךְ).

**פְרַאדִיל** (צוּ מֶאִירִין שְׁרַייט) אִיךְ וֶועל נִיט שְׁוַויינֶען! נִיט מֵיין דוּא כָּל בּוֹנִיק אַז דָאס וֶועט דִיר אַזוֹי אָפּ גֶעהְן! אִיךְ וֶועל לוֹיפֶען צוּ

נאטשאלסטווע

נאטשאלסטווע, וועל זייא דער ציילין דיין מאשענסטווע! איך וועל דיר
אין אסטראג אריין ווארפין!

**מאיר** (שטעהט ביא דער טיר, דרעהט זיך אוים מיטין פנים צו איר:) איר מעגט שוין אפילו לויפען צום מינסטער אליין הארט מיך אויך ניט! (געהט אב נאך אים יאזעף, דוד וועלוויל אונד שמואל זרח).

# פינפצעהנטער אויפטריט

## פראדיל זעלבסט.

**פראדיל** (געהט הין אונד הער, ברעכט מיט דיא הענד, רעדט מיט א ניגון וויא מען בעקלאגט א טוידטין:) וועה איז מיר! וויסט איז מיר! נאך וואס האב איך נאך געדארפט אפ געבין דעם ממזר דאס געלד מיט דעם צירונג. א מער וואלט דאס מיר אצונדערט אין מיינע נויטהען געשטאנען! (ויינט) אז איך בין אזוי עלענד, אזוי פרעמד! פערוויסט איז מיין וועלט געווארין! צו וועהמין זאל איך מיך קערין? צו וועהמין זאל איך מיך ווענדין? אז אזעלכי כלבים, כל בויניקעס, טרייפהנע העלדזער, ממזרים, שרלאטאנעס האבין מיר אזוי אונגליקליך געמאכט! ניחייא וואלטין זייא אוים געחאפט געווארין דארטין וויא זייא זיינען ערגיץ געוועען אין דער ערד, ניחייא וואלטין זייא הענד אונ פים געבראכין פריער אידער זייא זאלין א הער אן קומען! (געהט צום גלאזוני טיר) עס העלפט ניט. איך מוז מיך אונטערלעגין אונטער זייא, וועל זייא פאלין צו דיא פים, אפשר ועלין זייא אויף מיר רחמנות האבין דיא כלבים! (אב) (דאס טישעל מיט דיא בייגק ווערין אב גענומען, א טאבלע הייבט זיך אויף; עס ווערד פארגעשטעלט א קליין ארעם שטיבעל, אין דער מיט א טיר, רעכטס ביא דער וואנד א פראסט בעטיל מיט א ווייסען ליילעך פאר שפרייט, ווייטער פון דעם בעטיל, א קלייגער קאסטין, אין דער לינקער זייט א לאנגע באנק, געגין פובליקום שטיהען צווייא פראסטי שטולען ווייט אפ געררוקט איינער פון אנדערין, אויף איין שטול זיצט הדסה אן געצויגען אין איינפאכע קליידער מיט א פראסט טיכיל פאר דעקט דעם קאפ. אלס דיא טאבלא הייבט זיך אויף, זיצט זיא דיא הענד פערלייגט. דעם קאפ אראפ געלאזין, נאכהער שאקעלט זיא מיט דעם קאפ. וויא זיא וואלט אויף עמוואס קלאגען וועלין. ענדליך הייבט זיא דעם קאפ אויף, קוקט זיך ארום מיט דעמוטהיגע בליקען אויף אלע פיר זייטין פון צימער, אונ





לאזט ארוים א טיפען זיפץ.

# זעכצעהנטער אויפטריט

## הדסה זעלבסט.

**הדסה** (נאך א זיפץ, קוקט פערטראכט) אט דרויף בין איך איבער געקומען! פון רייכע געפוצטע זאלין אין וועלכען עס האבען געגלאנצט רייכטהום מיט פריידין צו זאמען, געפין איך מיך יעצט אין א קליין ארעם שטיבעלי וואס דער ארמוטה מיט דעם טרויער האבין זיך ביידע אין דעם באזעצט! (מיט א זיפץ) א ווען איינער זאל מיר געוועען דאמאלס זאגין ווען איך בין געוועען אזוי גליקליך, אז שפעטיר מיט א דרייא מאנהייט וועל איך פערלירען מיין מאנן מיט מיין גאנץ ביסעל פארמעג אונ זיך געפינען אין דעם ארימען שטיבעלי אין דעם גרעסטין עלענד אונ טרויער? א געוויס וואלט איך אים ניט גלויבען וועלין! אונ ווער וואלט דאס יא אים גלויבען קענען? ווער זאל זיך ריכטען אויף אזא ביטערין אונגליק? (פויזע) יא פילע אונגליקען גיבען זיך אוים אויף דער וועלט! דאך דער גרעסטער אונד שאדליכסטער פון זייא אלע איז ניטא וויא א חלוצה צו זיין! דיא פירמע חלוצה שטעהט ליידער ביא אונז יודען אין איין העכסטין מיאוסין גרוך. צוואר זיא איז א דין פון אונזער היילגע תורה! דאך ערלויבט זיך דער יוד מיט איר צו מאכין איין ספעקוליאציע. דער חלוץ, ניט קוקענדיג וואס ער טהוט א גרויסע מצוה דער מיט וואס ער איז מקים דעם דין. דען ער רעכט דאך אויך 3 זעעלין דער מיט, זיך; דאס ער איז מקים וואס דיא תורה הייסט אים אונ וועט דער פאר בעלוינט ווערין אויף יענער וועלט; דעם מת. דאס ער דארף מער ניט צו ליגען מיטין פנים אראפ אין קבר אונ ענדליך דיא אלמנה וואס זיא ווערד בעפרייט דורך דער חליצה אונ קען חתונה האבין, יעדאך וויל ער דיא דאזיגע מצוה ניט טהון ביז ער פריער בעראבעוועט פון דער אלמנה וואס זיא פערמאגט, אונ כמעט הערט מען ניט אז א חלוץ זאל חליצה געבין אהן געלד. ווארום קומט דאס אזוי? ווארום זאל ער זיך ניט בארעכינען, אדער ווארום זאלין דאס אים אנדערי ניט אויף קלערין אז ער טהוט א מצוה הבא מידי עבירה! ער איז מקים א מצוה פון תרי״ג מצות אונ בעראבעוועט פריער א וויסטע אלמנה! ווארום ביא אנדערי רעליגיאזנע זאכין וועלכע יודען איספאלגען באבעוועען זייא ניט? צום ביישפיל; אמוהל,

עֶר אִיז מַלֶה אַ קִינְד וָוארוּם פָאדֶערְט עֶר בַּיים בַּעַל בְּרִיתְנִיק קֵיין גֶעלְד נִיט פַאר דָער מִצְוָה ? אַ חַזָן, עֶר אִיז מְסַדֵר קִדוּשִׁין. וָוארוּם מָאנְט עֶר פְּרִייעֶר פַאר דֶער מִצְוָה קֵיין לָאהְן נִיט ? וִויפִיל מֶען גִיבְּט אִים בֶּעגְנִיגְט עֶר זִיךְ . אוּנ וָואס פַאר אֵיין אוּנגְלִיק אִיז אוֹיף דֶער וִויסְטֶער אַלְמָנָה אַז זִיא מוּז בֶּעצָאהְלִין דֶעם חָלוּץ דַוְוקָא וִויפִיל עֶר וִויל אֵיידֶער עֶר אִיז מְקַיֵם דֶעם דִין פוּן חֲלִיצָה ? (פוֹיזֶע) וָואס הָאבּ אִיךְ דָא פֶערְזִינְדִיגְט ? מִיט וֶועלְכִין בִּין אִיךְ דָא שוּלְדִיג, אַז מַיין מַאנְן אִיז יָא גֶעשְׁטָארְבִּין אָהְן קִינְדֶער . צוּ דֶער פַאר דַארְף מֶען מִיר אַזוֹי אָפּ רַאבֶּעוֶוען ? (שָׁאקֶעלְט מִיטִין קָאפּ) נָאךְ אַזוֹי רַאבֶּעוֶוען ! מַיינֶע לֶעצְטִי טוֹיזֶענְד רוּבִּיל צוּ גֶענוּמֶען, מִיט מַיין גַאנְץ בִּיסֶעל צִירוּנְג אַוֶועק גֶערוֹיבְּט ! אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז דֶער שְׁוֶוער וֶועט דָאס מִיר בַּאלְד צוּרִיק גֶעבִּין וִויא עֶר הָאט מִיר פֶערְשְׁפְּרָאכִין, אָבֶּער צוּ מַיין אוּנגְלִיק הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶענַארְט ! דִיא שְׁטִיפְמוּטֶער, דִיא אוּמְזִיסְטִיגֶע פֵיינְדִין מַיינֶע, הָאט דָאס צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען. בַּייא אִיר אִיז דָאס פֶערְבְּלִיבֶּען ! אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעמוּזְט פַארְקוֹיפֶען מַיינֶע קְלֵיידֶער אוּנ מַיין גַאנְץ מֶעבּוּל אוּנ צוּ בֶּעצָאהְלִין פַאר 3 חֳדָשִׁים דִירָה גֶעלְד וָואס אִיךְ בִּין שוּלְדִיג גֶעוֶוען אוּנ זִיךְ אַ הֶער אִיבֶּער גֶעקְלוֹיבֶּען ! 15 רוּבִּיל הָאט זִיךְ מִיר אָפּ גִישְׁטֶעלְט פוּן מַיין גַאנְץ גוּטְס. אִיךְ הָאבּ זַייא שׁוֹין פֶערְצֶערְט זָאגַאר ! נוּא וָואס טְהוּט מֶען יֶעצְט ? וִויא גֶעהְמְט מֶען אוֹיף וַוייטֶער צוּ לֶעבִּין ? (פוֹיזֶע) הִימְמֶעל אוּנְד עֶרְד אִיז אוֹיף מִיר גֶעפַאלִין ! דֶער גַאנְצֶער צָארִין גָאטֶעס אִיז אוֹיף מִיר אוֹיס גֶעגָאסִין גֶעוָוארִין ! עֶס טְרֶעפְט אַ מֶענְשִׁין דָאס עֶר וֶוערְד פֶער אָרֶעמְט, דָאךְ אִיז זַיין נָאמִין נִיט פֶערְאַכְט בַּייא דֶער וֶועלְט , אוּנ אִיךְ צוּ מַיין אוּנְגְלִיק בִּין נָאךְ מִיט אַ פֶערְאַכְטֶעטִין נָאמִין גֶעבְּלִיבֶּען ! אִיךְ הֵייס חֲלוּצָה ! דֶער נָאמִין צְוִוישֶׁען גְרֶעסְטִין טְהֵייל פוּן יוּדֶען אִיז זֵייעֶר אַ הֶעסְלִיכֶער ! מִיט אַ חֲלוּצָה, זָאגִין זַייא, אִיז נִיט גוּט חֲתוּנָה צוּ הָאבִּין ; אַ חֲלוּצָה אִיז נִיט מַזְלְדִיג צוּ פַּרְנָסָה ! בַּייא אַ חֲלוּצָה פִּירְט זִיךְ קֵיין קִינְדֶער נִיט ! דִיא חֲלוּצָה אִיז בַּייא זַייא פַארֶעכִינְט פַאר אַ פֶערְפְלוּכְטֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ ! (שְׁטֵייט אוֹיף. זִיפְצְט. שְׁפַּאצִירְט אֵיין מָאהְל הִין אוּנְד הֶער, בְּלֵייבְּט שְׁטֵיין נָאהֶענְט צוּם פּוּבְּלִיקוּם זִינְגְט דֶעם לִיעד :)

פִינְסְטֶער אִיז מַיין וֶועלְט
פֶערְבִּיטֶערְט מַיינֶע יוּנְגֶע יָאהְרִין
אָרֶעם הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָפּ גִישְׁטֶעלְט
וַוייל אִיךְ הָאבּ קֵיין קִינְד גֶעבָּאהְרֶען .

---

חליצה



חֲלִיצָה נֶעהְמִין הָאבּ אִיךְ גֶעדַארְפְט,
אָ וִויא בִּיטֶער דָאס אִיז צוּ הֶערִין !
דֶער חָלוּץ הָאט דִיא צֵיין זִיךְ גֶעשַׁארְפְט
עֶר וֶועט בַּאלְד אֵיין עוֹשֶׁר וֶוערִין .

---

אָ וִויא טִירַאנִישׁ עֶר הָאט מִיךְ בֶּעהַאנְדֶעלְט
שְׁטֶענִיר פַאר בְּרוֹיט הָאט עֶר אָפּ גִיגֶעבִּין
פוּן רֵייכְטְהוּם אוֹיף אַרְמוּטְה הָאט עֶר מִיךְ פֶערְוַואנְדֶעלְט
עֶס אִיז מִיר שְׁלֶעכְט ! עֶר הָאט פֶערְבִּיטֶערְט מַיין לֶעבִּין ! (שְׁרַייט)

(זִיא גֶעהְט צוּרִיק, זֶעצְט זִיךְ אוֹיף אִיר אָרְט, דִיא הֶענְד פַארְלֶעגְט, דֶעם קָאפּ אַרָאפּ גֶעלָאזְן. מַלְכָּה קוּמְט אַרַיין גֶעקְלֵיידֶעט וִויא אִין עֶרְשְׁטִין אַקְט).

## זִיבֶּעצֶעהְנְטֶער אוֹיפְטְרִיט

### מַלְכָּה אוּנְד דִיא פָארִיגֶע פֶּערְזָאן .

**מַלְכָּה** (אַלְס זִיא זֶעצְט זִיךְ אוֹיף דֶער צְוֵוייטֶער שְׁטוּל) אִיר זֶענְט נָאךְ אַלְס פֶערְזָארְגְט בַּעַל הַבָּיִתְטֶענִיו !

**הֲדַסָה** (מַאכְט אַ וֶועק מִיט אֵיין הַאנְד) לָאז מִיךְ ! לָאז מִיךְ זָארְגֶען . זַייא קֶענִיז מִיר פִיל הֶעלְפִין ! . .

**מַלְכָּה** (קוּקְט אוֹיף אִיר מִיט עֶרְשְׁטוֹינוּנְג) מִיט וָואס קֶענִין אַייךְ דִיא זָארְגִין הֶעלְפִין ?

**הֲדַסָה**, דֶער מִיט וָואס זַייא וֶועלִין מִיךְ גִיכֶער צוּם גְרוּבּ בְּרֶענְגִין !

**מַלְכָּה**, אָךְ רֶעדְט נִיט פוּן טוֹידְט בַּעַל הַבָּיִתְטֶענִיו ! אִיר זֶענְט נָאךְ יוּנְג אִיר וֶועט נָאךְ אִם יִרְצֶה הַשֵׁם גְלִיקְלִיךְ זַיין .

**הֲדַסָה** (שָׁאקֶעלְט מִיטִין קָאפּ) יָא אַז אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבִּין !

**מַלְכָּה**, אִיר רֶעדְט שׁוֹין ווִידֶער פוּן טוֹידְט ! אִיךְ קֶען דָאס נִיט הֶערִין פוּן אַייךְ ! אִיךְ מוּז וֵויינֶען ! (ווִישְׁט זִיךְ דִיא אוֹיגֶען).

**הֲדַסָה** (קוּקְט אוֹיף אִיר) פוּן וָואס דֶען זָאל אִיךְ רֶעדִין ? אַז פוּן מֵיין פָארִיגֶען גְלִיקְלִיכֶען לֶעבִּין ווֵייס אִיךְ שׁוֹין נִיט אוּנ אִיךְ קֶען דָאס שׁוֹין נִיט הָאפִין צוּרִיק צוּ הָאבִּין ! (וֵויינֶענְד) אַז אִיךְ דֶער מָאן מִיךְ אִין מֵיין טְהֵייעֶרִין גֶעלִיבְּטֶען מַאנְן, אִין דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען יָאזֶעף וִויא עֶר אִיז גֶעבִּיךְ גָאר אוּנְשׁוּלְדִיג גֶעשָׁאסִין גֶעוָוארִין, אוּנ זַיין אֵיידְלֶעס בְּלוּט אִיז אוֹיף דֶעם פֶעלְד פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארִין, וֶועלְכֶעס הָאט נַאכְדֶעם גֶעדִינְט פַאר טְהִירֶען צוּם אָן טְרִינְקֶען זַייא ! (שְׁרַייט) אָ ! דִיזֶער שׁוֹידֶער הַאפְטֶער

געדאנקט פער קימערט שוין גאר מיין לעבין ! ער לאזט מיך פון קיין אנדער זאך קלערין אדער רעדין נור פון טוידט !

**מלכה**, איר מוזט אבער אין אים שוין פארגעסין ! דען איר קאנט דאך צוריק אים לעבעדיג ניט מאכין !

**הדסה**, איך קאנן אין אים ניט פארגעסין, צוואר דיא וועלט זאגט אז וואס דיא ערד דעקט צו ווערד פארגעסין, אבער מיר שטעהט ער פאר מיינע אויגען נאך אימער !

**מלכה**, בארעכינט אייך אבער איר זענט נאך א יונגע פרוי וועלכע דארף נאך א מאהל הייראטען, וויא טארט איר זיך נעהמין אזוי פיל צום הערצין !

**הדסה**, וויא קאן איך דענקען צו הייראטען אז איך בין איין ארימע אונד אונגליקליכע חלוצה ! ווער וועט מיך נעהמין ? קיין לייטעשיר מאנן אוודאי ניט, ווייל דיא גרעסטי מהייל פון אונז יודען זענען איין געבילדעט אז מיט א חלוצה איז געפעהרליך צו הייראטען, זיא איז דורך אוים שלימזל ! . . .

**מלכה** (שמייכעלט) זעהט איר בעל הביתטעניו, צוואר איר זענט בייא זיך אזוי שוין געפאלין, יעדאך איז נאך פעראן א זעלכיר וואס שלאגט זיך אליין אן מיט אייך צו הייראטען, אונ ער איז גראדע א פיינער מענש אונ א רייכער דער צוא !

**הדסה** (קוקט אויף איר) ער איז מיר בעקאנט ?

**מלכה**, איר קענט אים זעהר, אונ ער קען אייך אויך, ער בעדויערט אייך זעהר אין אייערי יעצטיגע לאגע. צוריק מיט א 3 טעג האט ער מיך בעגעגנעט אין גאס אונ מיך געפרעגט וויא אייך געהט, איך האב אים ערצעהלט וואס מיט אייך געטראפין האט, אונ וויא פעראָרעמט איר זענט יעצט, ער האט זיך דיא אויגען פון טרערין געווישט אז איך האב אים געשילדערט אייער לאגע, נאכדעם בייא מיינעם אוועק געהן פון אים האט ער מיר גיגעבין א פינף אונ צוואנציגער אז איך זאל אייך איבער געבין, נור איך ווייס ניט פאר וואס איר האט מיר געהייסין אז איך זאל דאס אים צוריק אפ געבין ?

**הדסה**, איך ווייס שוין וועהמין דוא מיינסט, דיזער איז בארים וואלדמאן ! ווער האט דאס דיר געזאגט אז ער וויל מיך פאר א פרוי האבין ?

**מלכה**, יאנקיל אייער געוועזענער משרת האט דאס מיר געזאגט, נור איך ווייס ניט פון וואנען ווייסט ער דאס ? אפשר האט ער דאס געהערט





געהערט פון בארישען ? נור ניין ! וויא קומט ער גאר צו באריסין ?

**הדסה** (פערטראכט זיך, נאכהער מיט א געפאסטין טוטה) ניין ! איך וויל ניט זיין געלד אונ איך וויל אים אויך ניט ! איך זעה אין אים דער מערדיר פון מיין מאנן ! מיין הערץ אין מיר קאכט ווען איך זיין נאמין דער מאן ! איך האב אים ניט געליבט נאך דאמאלס ווען דורך אים האט מיר קיין בייזעס געטראפין, בפרט יעצט, אלס דורך אים איז מיר אזא ביטעריר אונגליק געקומען ! א! העטטע ער ניט געמאכט קאמפאניע מיט מיין מאנן מאכטע דיזער דאך ווייטער געלעבט !

**מלכה**, איר טארט אבער ניט זאגין אז דורך אים איז אייער מאנן געשטארבין, דאס איז פון גאטט מוזט איר וויסען, נור ער צו זיין אונגליק האט געדארפט צו זיין דער שליח !

**הדסה**, וויא אזוי דיא זאך איז שוין, אבי מיט דעם בארישען קען איך מיך ניט פער בינדען !

**מלכה**, איר מוזט אבער בעקענין, אז אייערי גאנצע צוקונפט העננט אפ אין דעם ! האט איר פאר אים חתונה בלייבט איר צוריק בייא אייער פארינען כבוד, ווילט איר אבער ניט, זא בעהיטע גאטט אויף וואס איר קענט איבער קומען ! איך וויל גאר ניט אזוי פיל ארויס רעדין וויפיל איך פארשטעה אויף אייך !

**הדסה**, איך וועל ליבערסט פאר א דינסט אן קומען אונ מיט אים וועל איך ניט הייראטען ! (בארים קומט אריין געקליידעט אין טרויער מיט א הויכין שווארצין הוט).

## אכצעהנטער אויפטריט

### בארים אונד דיא פאריגע.

**בארים** (נייגט זיך העפליך פאר הדסהן, רייכט איר זיין האנד).

**הדסה** (רייכט אים איר האנד, ערווידערט אים קאלט, קוקט פערטראכט).

**בארים** (בלאזט פון זיך, שפאצירט איין מאהל הין אונד הער).

**מלכה** (שטעהט אויף פון ארט, זאגט צו בארישען:) זיצט הער וואלדמאן ! (זיא געהט אב).

## נייצעהנטער אויפטריט

### דיא פאריגע אהן מלכהן.

**בארים** (אלס ער זעצט זיך) איר זענט נאך אלס פערזארגט מדאס פיינהליש

**הַדַסָה** (קוּקט פֶערטְרַאכְט) פַאר וָואס זָאל אִיךְ נִיט זָארְגִין, אַז אִיךְ הָאבּ פוּן וָואס צוּ זָארְגֶען! (זִיפְצְט).

**בָּארִים** (דְרֶעהְט זִיךְ דִיא וָואנְסִין) גֶענוּג שׁוֹין אַייךְ אָבֶּער צוּ זָארְגֶען! אִיר זֶעהְט אַ שְׁוַואכֶע וַוייבְּס פֶּערְזָאן. אִיר פֶערְוֶועלְקְט דֶער מִיט אַייעֶר יוּגֶענְד!

**הַדַסָה,** רֶעסְטָא בֶּעסִיר! אִיךְ וֶועל גִיכֶער אַלְט וֶוערִין, וֶועט מִיר זַיין גֶעהֶענְטִיר צוּם גְרַאבּ!

**בָּארִים** (מִיט אַ פְרוּמֶע מִינֶע) אִיר טָארְט דָאס נִיט זָאגִין מַאדַאמֶע! דֶען עֶס וֶועט אוֹיס וַוייזֶען אַז אִיר קְרִיגְט זֶעלְבְּסְט אוֹיף דֶער פַּארְזֶעהוּנְג!

**הַדַסָה** אוּנ וֶועלְכֶע פְרוֹי קָאנְן דָאס נִיט טְהוּן בַּייא אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען צוּפַאל? בֶּעדֶענְקְט נוּר; אַ יָאהר נָאךְ מַיין הֶיירַאט אִיז. אִיךְ לֶעבּ מִיר גְלִיקְלִיךְ מִיט מַיין מַאנְן, פְּלִיצְלוּנְג פָארְט עֶר אַ וֶועק. עֶס גֶעהְט אִיבֶּער צְוֵייא וָואכִין, אוּנ אִיךְ בֶּעקוּם אַ וִוּיסְטֶע בְּשׂוֹרָה פוּן אִים אַז עֶר אִיז גֶעשָׁאסִין גֶעוָוארִין. אוּנ אוֹיבּ דִיזֶער אוּנְגְלִיק אִיז פַאר מִיר נָאךְ וֶוענִיג, בֶּעדַארְף אִיךְ נָאךְ אָן קוּמֶען צוּ מַיין שְׁוָואגֶער נָאךְ חֲלִיצָה, אוּנ דוּרְךְ דָעם פַאר אָרֶעמְט וֶוערִין! נוּא קָאנְן אִיךְ שׁוֹין צוּ פְרִידֶען זַיין פוּן דָעם שִׁיקְזַאל וָואס דִיא פַארְזֶעהוּנְג הָאט מִיר גִיגֶעבִּין?

**בָּארִים** (נָאךְ אַ קוּרְצֶע פוֹיזֶע) וָואס אַנְבֶּעלַאנְגְט אִיז צוּ אַייעֶר זֶעלִיגֶען מַאנְן מוּזְט אִיר וִויסֶען אַז דֶער טוֹידְט אִיז צוּ אִים גֶעקוּמֶען דוּרְךְ גָאטֶעס בַּאפֶעהְל אוּנ נִיט דוּרְךְ מֶענְשְׁלִיכֶען ווִילֶען. דְרוּם טָארְט אִיר אוֹיף דֶער פַארְזֶעהוּנְג נִיט קְרִיגֶען וָוארִין גָאטֶעס אוֹיג וַואר דֶער בַּייא. עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַז אַייעֶר מַאנְן זָאל שְׁטַארְבִּין דוּרְךְ אַ קוֹיל. הָאט עֶר דִיא מֶענְשִׁין פַאר זַיינֶע שְׁלוּחִים גֶעמַאכְט זֵייא זָאלִין אוֹיס פִירֶען זַיין ווִילֶען. אַיי פַאר וָואס הָאט עֶר דָאס גֶעוָואלְט? דָאס טָארֶען מִיר נִיט פְרֶעגִין, וָוארִין בַּייא גָאטְט פְרֶעגְט מֶען קֵיין קַשְׁיוֹת נִיט, עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶערֶעכְט וָואס עֶר טְהוּט מִיט אוּנְז מֶענְשִׁין. אוּנ אַלְזָא מוּזְט אִיר זִיךְ לָאזִין טְרֵייסְטִין. אוּנ נִיט מֶער פֶערְטְרוֹיעֶרְט זַיין, אִיר הָאט בֶּעוֵויינְט אַייעֶר מַאנְן, אַ מָאנְהֵייט, אוּנ צְוֵייא אוּנ דְרַייא גֶענוּג! דֶען אִיר וֶועט דָאךְ אִים שׁוֹין לֶעבֶּענְדִיג נִיט מַאכִין, אוּנ וָואס אָנְבֶּעלַאנְגְט אִיז צוּ אַייעֶר אַרְמוּטְה, זָאלְט אִיר דֶער פוּן גָאר קֵיין יִסוּרִים נִיט הָאבִּין, דֶען אִיר קֶענְט אִין דִיא זֶעלְבֶּע מִינוּט אוֹיף גִירֶעכְט וֶוערִין וָוען נוּר אִיר ווִילְט!...

**הַדַסָה** (קוּקְט אַרָאפּ אִיךְ הָאבּ מִיךְ שׁוֹין פוּן לֶעבִּין לַאנְג מִיָאֵשׁ גֶעוֶועזֶען.

און



אוּנ דְרִיבֶּער קִימֶעֶרְט מִיךְ דֶער אַרְמוּטְה מַיינֶער גָאר וֶוענִיג, אִיךְ פֶערְהָאף אִים בַּאלְד פָּטוּר צוּ וֶוערִין מִיט מַיין טוֹידְט!

**בָּארִים,** פוּן לֶעבִּין דַארְפְט אִיר זִיךְ נִיט מְיָאֵשׁ זַיין, אִיר זֶעהְט נָאךְ יוּנְג. אִיר גֶעפִינְט אַייךְ אִין אַייעֶרֶע בֶּעסְטֶע פְרִיהְלִינְגְס טָאגֶע נָאךְ! אִיר קֶענְט נָאךְ גְלִיקְלִיךְ מַאכִין אַ צְוֵוייטִין פֶערְזָאן מִיט אַייעֶר לֶעבִּין...

**הַדַסָה,** ווִיא אַזוֹי קֶען אִיךְ יֶענִים גְלִיקְלִיךְ מַאכִין אַז אִיךְ בִּין אַלֵיין אוּנְגְלִיקְלִיךְ?

**בָּארִים,** אַז אִיר וֶועט נוּר גֶעבִּין אַייעֶר הַאנְד דָעם דָאזִיגֶען פֶערְזָאן וֶועלְכֶער וִוינְשְׁט זִיא פוּן לַאנְג צוּ רֵייכִין צוּ זִיךְ זֶעהְט אִיר נִיט מֶער אוּנְגְלִיקְלִיךְ, אוּנ יֶענִיר אִיז פָּאלְקָאם גְלִיקְלִיךְ!....

**הַדַסָה,** אָךְ נֵיין! אִיךְ בִּין זִיךְ מְיָאֵשׁ פוּן אַ גְלִיקְלִיכֶען לֶעבִּין! אוֹיף עֶווִיג! אוֹיף עֶווִיג בִּין אִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ! (וֵויינֶענְד) אָ יָאזֶעף יָאזֶעף! ווִיא גִיךְ דוּא בִּיזְט עֶנְטְרִיסֶען גֶעוָוארִין פוּן מִיר! ווִיא יוּנְג דוּא הָאסְט פֶערְלָאזִין אַזַא לִיכְטִיגֶע וֶועלְט אוּנ גֶענִידֶערְט זָא פְרִיא אִין דֶעם פִינְסְטֶערִין קֶבֶר! (קוּקְט אַרוֹיף, שְׁרַייט) אָ! פֶערְפְלוּכְט פוּן גָאטְט זָאל זַיין דֶער יֶענִיגֶער וָואס זַיין קוֹיל הָאט דִיךְ גֶעטְרָאפִין! (בָּארִים הֶערִינְדִיג אַזֶעלְכֵי רֵייד שְׁטֵייט עֶר אוֹיף פוּן שְׁטִיל, שְׁפַּאצִירְט הִין אוּנְד הֶער בֶּעוֵויזְט אִין דֶער זַייט אוּנ צוּפְרִידֶענֶע גְרִימַאסֶען.) עֶר זָאל אוֹיךְ מִיט קֵיין נַאטִירְלִיכִין טוֹידְט נִיט שְׁטַארְבִּין ווִיא דוּא מַיין יָאזֶעף! דִיא נֶעמְלִיכֶע קוֹיל וֶועלְכֶע הָאט דִיךְ גֶעטְרָאפִין, זָאל אִים אוֹיךְ טְרֶעפִין! זַיין בְּלוּט זָאל ווִיא דַיינֶעם פֶערְגָאסִין וֶוערִין אוֹיף דֶעם בָּאדִין אוּנְד הִינְד זָאלִין דָאס טְרִינְקֶען! (ווִישְׁט זִיךְ אוֹיס דִיא אוֹיגֶען).

**בָּארִים** (זֶעצְט זִיךְ אוֹיף זַיין פָארִיגֶען אָרְט) אִיר רֶעדְט קִינְדֶערְשׁ מַאדַאמֶע פֶערְצֵייהֶען זִיא. פַאר וָואס זֶעהְט אִיר זִיךְ מְיָאֵשׁ פוּן אַ גְלִיקְלִיכֶע צוּקוּנְפְט? צוּ דֶען מֵיינְט אִיר אַז עֶס וֶועט זִיךְ נִיט מֶער גֶעפִינֶען אַזַא מַאנְן וֶועלְכֶער זָאל אַייךְ פֶערְשְׁטֵיין צוּ שֶׁעצִין ווִיא אַייעֶר יָאזֶעף? אוֹיבּ אַזוֹי אִיר מֵיינְט. קָאן אִיךְ אַייךְ בֶּערוּהֶעגִין מַאדַאמֶע אוּנ אַייךְ פֶערְזִיכֶערִין אַז אַזֶעלְכִיר אִיז נָאךְ דָא! אוּנ דִיזֶער בִּין אִיךְ! (מִיט הִיץ. שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגִין אִיר) אִיךְ בִּין דֶער אֵיינְצֶעלְנֶער פְרַיינְד אַייעֶרִיר וָואס הָאבּ אַייךְ פְרִיעֶר גֶעלִיבְּט, וָואס לִיבְּט אַייךְ יֶעצְט, אוּנ וֶועל אַייךְ לִיעֶבֶּען אוּנ שֶׁעצִין אוֹיף מַיין גַאנְצֶען לֶעבִּין! אִיךְ ווִיל אַייךְ גְלִיקְלִיךְ מַאכִין, אִיךְ בִּיטְטֶע טְהֶייעֶרִי הַדַסָה מַאכְט מִיךְ אוֹיךְ גְלִיקְלִיךְ! (זֶעצְט זִיךְ).

**הַדַסָה,** אִיךְ דַאנְק אַייךְ פוּן טִיפֶען הֶערְצִין הֶערְר וַואלְדְמַאן פִיר אַייעֶר פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ מִיר. אוּנ וָואס עֶס אָנְבֶּעלַאנְגְט צוּ אַייעֶר

וואונש

וואונש מוז איך צו מיינעם גראססען לייֿדוועזין אייך דעם צווייטען מאהל ענטזאגען!

**בארים** (מיט היין) וויא? אויך יעצט ענטזאגט איר מיר?

**הדסה**, לייֿדער יא!

**בארים** (נאך א קורצע פויזע, קוקט אויף איר) איך פערשטעה אייך ניט מאדאם, צו דען מיינט איר איין עוויגע וויטווע צו בלייבען?

**הדסה**, ווען איך זאל דאס מיינען, וואלט איך דאך קיין חליצה גענומען, אונ פערשפארט אזוי פעראַרגעמט ווערין!

**בארים** (קוקט אויף איר) פאר וואס זשע ווילט איר ניט מיינע פרוי ווערין?

**הדסה**, פערצייהעט הערר וואלדמאן, איך מוז מיך פון איהנען ענטזאגען, ווייל איך קאנן איהנען ניט ליבען

**בארים**, ווארום? (קוקט אויף איר מיט צארין).

**הדסה** (ווארפט א בליק אויף אים) אך זייט נור ניט אזוי צארניג הערר וואלדמאן! איר זענט דאך א מענש מיט פערשטאנד, אלזא דארפט איר אליין פערשטיין אז מיט געוואלד קען מען דיא ליבע אין הערצין ניט אריין נעהמין!

**בארים** (מיט א ווייכע שטימע) טהייערי הדסה! איך וויל ניט אז איר זאלט מיך מיט געוואלד ליבען, איך וויל אייערי ליבע צו מיר זאל זיין אויס גוטען ווילען, אונ ווירקליך האב איך דאס פערדינט, דען שוין צוויא יאהר זייט איך האב אייך דער קענט וויל איך פאר קיינע אנדערי הייראטען אבוואהל דורך מיין קאפיטאל אונ סאלידנעם לעבין וואלט איך געקענט קומען צו א גרויסען אונ פארנעהמסטין שידוך אבער איך טהו דאס ניט, ווארין איך ליעב אייך מיט א וואהרע ליבע, איך בין צו אייך ערגעבין מיט קערפער אונד זעעלע! אונד לאך אלזא פון דיא רייכסטע פרוי, פון דעם פארנעהמסטין שידוך, איר, צוואר איר זענט עלענד אונד ארעם, זענט איר יעדאך ביא מיר טהייעריר פון גאלד אונ בריליאנטען. טהייעריר פון דער גרעסטע יחסנטע, מיט איינעם ווארט, מיין ליבע צו אייך הייסט א פלאטאנישע! (שטרעקט אויס צו איר זיין רעכטי האנד) א גיבט מיר אייער האנד טהייערי הדסה, איר וועט זיין גליקליך מיט אזא ליבע!

**הדסה**, מערקווירדיג, איר האט אליין געזאגט אז איר ווילט ניט, איך זאל אייך מיט געוואלד ליבען, נוא צו וואס איז אייערי רייד!

**בארים**, אבער האט דאך מיטלייד אויף מיר ליבע הדסה, שוין צווייא

יאהר



יאהר דאס איר לאזט מיך מיטשען מיט דעם פלאם פון ליבע, איינע געגען ליבע צו בעקומען! צווייא יאהר דאס איר האט געמאכט איין פרעמדין אלס בעהערשיר צו אייער הערץ אונ מיר האט איר געלאזט אין א קוואל פון מוטשעניע זיין! אונ יעצט? א יעצט אלס אייער הערץ איזט שאן יא בעפרייט פון איר הערשער, האט אויף מיר מיטלייד איידלע פרוי, מאכט מיר פאר דעם הערשער!

**הדסה** (שווייגט, קוקט אוועק פון אים).

**בארים** (נאך א קורצע פויזע) הדסה! א טהייערי ליבע הדסה! ווארום שווייגט איר? ווארום ענפערט איר מיר ניט? צו דען איז אייך גוט צו זעהן מיך מיטשען? צו דען קאנט איר זיצען רוהיג אין דער צייט ווען אין מיר קאכט אונ זידט מיין בלוט?

**הדסה**, אין געגענטהייל, מיר שמערצט זעהר אייך צו זעהן אין דער לאגע, אבער צום אונגליק קאן איך אייך ניט ארויס העלפין פון איר!

**בארים**, דאס הייסט אז איר ווילט מיך טאקי ניט מאכין פאר דעם הערשיר פון אייער הערץ?

**הדסה** (אראפ געלאזט דעם קאפ) לייֿדער, אזוי איזט דאס.

**בארים** (נעהמט ארויס א רעוואלווער פון טאש. שטעלט זיך אויף מיט דעם רעוואלווער אין האנד געגען הדסהן) נאך איין ווארט הדסה קען אייך ענטוועדיר אויף עוויג גליקליך מאכין אדער פערקערט!

**הדסה** (שטעלט זיך אויף, לויפט צום טיר שרייט) גאט! רעטע מיך! (אב)

## 20 טער אויפטריט

### בארים זעלבסט.

**בארים** (אלס הדסה האט זיך געלאזט לויפען צום טיר איז ער איר נאך געלאפין א פאר שפאן, אונ אלס זיא איז פון אים פערשווינדען געווארין, קערט ער זיך צוריק אום, אונ שפאצירט האסטיג איבערין סצענע ארום, רעדט צו זיך זעלבסט, וועהרענד ער לעגט דעם רעוואלווער אין טאש אריין:) איז זיא פון מיר אנטלאפין, אבער פון טוידט וועט זיא ניט אנטלויפען! איך האב געשאסין יאזעפין נור דער פאר דאס איך זאל זיא בעזיצען, נור קיים ענטזאגט זיא זיך פון מיר זאל זיא אויך געשאסין ווערין אום קיין אנדעריר אויסער מיך זאל זיא בעזיצען! וויל צו געהן צום טיר. יאנקיל קומט אריין געקליידעט

וויא אין ערשטין אקט.

# 21 טער אויפטריט

## יאנקיל אונד דער פאריגער.

**יאנקיל** (מיט א שמייכיל:) אָ! איך האב אייך קוים דער טאפט!

**באָרים** (אין דער זייט) דער גראביר יונג רעכינט מיך שוין פאר א חבר זיינים! (הויך) נוא וואס דארפסטו מיך?

**יאנקיל**, וואס הייסט? איך דארף געלד!

**באָרים** (מיט כעס) וואס איז פאר א געלד ווייטער? הא!

**יאנקיל** (מיט א פינסטערין שמייכיל) שטאטש איר ווייסט גאר נים? איר זענט דאך מיר שולדיג נאך פיר הונדערט רוביל?

**באָרים**, האסט א וועכסיל?

**יאנקיל**, איך האב נאך בעסירס פון א וועכסיל.

**באָרים**, נוא וואס האסטו אויף מיר?

**יאנקיל**, איך האב אייך אליין אין דער האנד!

**באָרים**, וואס קענסטו מיר דען טהון?

**יאנקיל**, וואס הייסט? איך וועל אוים זאגין אז איר האט........

**באָרים** (שלאגט אים איבער) א דוא בויערשי קאפף! אז דוא וועסט אוים זאגין. שלעפ איך דיך גלייך מיט מיר אין אסטראג אריין! האסטו פארגעסין אז דוא ביזט אויך געוועזען דער בייא? אונ האסט מיר זאגאר דיא עצה גיגעבין אז איך זאל אים שיסען?

**יאנקיל**, איך קען זיך גאר אפ לייקענין דער פון! אונ אויף אייך ארויף לעגין דעם גאנצין קלאץ!

**באָרים**, דומער יונג! דאס אייגעני קען איך זיך אויך טהון! אונ מיר וועט מען גיכער גלויבען וויא דיר, דען איך אויף מיינעם פיינעם אוים זעהן אונ גרויסען פאר מעגין בין ניט ספאסאבנע אזא פארברעך צו טהון. אבער דוא אין לומפען קליידער אונ גראבין אוים זעהן ביזטו יא ספאסאבנע דיזעס צו טהון, וועלין אלע דיך רעכנען פאר דעם מערדיר, אונ איך וועל ארוים ריין!

**יאנקיל** (קראצט זיך אין קאפף) אבער אז איך וועל שווייגען וועט איר מיר אפ געבין דאס געלד?





**באָרים** (שפאצירט) אז דוא וועסט שווייגען וועל איך דיר אפ געבין דיין געלד.

**יאנקיל** (געהט אים נאך) ווען זשי וועט איר מיר געבין?

**באָרים** (שטעלט זיך געגין אים) וואס האסטו אזוי. קיין צייט נים, דער ווייל האב איך דיר הונדערט רוביל שוין גיגעבין, אונ נאך הונדערט וועל איך דיר איין אנדערם מאהל געבין!

**יאנקיל** (מיט היץ) וואס רעדט איר וואלדמאן? גאטט איז מיט אייך! עס קומט מיר פיר הונדערט רוביל נים קיין הונדערט!

**באָרים**, פאר וואס קומט דיר פיר הונדערט רוביל?

**יאנקיל**, שטאטש, מיר האבין דאך אזוי אפ גירעדט אז הונדערט דארפט איר מיר געבין ווען איך וועל אן זאגין הדסהן פון יאזעפס טוידט, אונ דרייא הונדערט, ווען זיא וועט איין ווילינען מיט אייך חתונה צו האבין!

**באָרים**, אז דוא האסט יא א קאפף אויף זיך אונ גערענקסט, קומט דיר טאקי נים מער וויא הונדערט רוביל. וואריין הדסה וויל מיך נים פאר איר מאנן האבין.

**יאנקיל** (קראצט זיך אין קאפף) אי אי אי! שלעכט! איך בין דאך גאר אוים גישטעלט! (א קורצע פויזע. קוקט טיף אין באָרים געזיכט) איר נארט מיך נים הערר וואלדמאן?

**באָרים** (מיט כעס) אָ דוא פארך איינער! מיינסט אז איך בין דיין גלייכען? א קאמפאניאן דיינער? (שטופט אים מיט איין האנד פון זיך) אובירייסא איק משערטוא מערזאוועץ! (דרעהט זיך פון אים אב, שפאצירט).

**יאנקיל** (שפרינגט אונטער געגין אים, מיט הניפה) פערצייהעט הערר וואלדמאן, איך האב מיך פארגעסין אונ א נארישקייט אוים גירעדט.

**באָרים**, האסט פארגעסין אונ מיך פאר דיין גלייכין גירעכינט? וואן פון מיינע אויגען דיא מינוט!

**יאנקיל** (קוקט אים אן א פאר זעקונדען) וואס זשי, איר זענט טאקי אויף דעם רעכטין אמת אין כעס אויף מיר? ווייסט איר זשי וואס? גיט מיר אפ מיינע הונדערט רוביל וועלין מיר ווערין אוים מחותנים!

**באָרים**, איך האב דיר שוין איין מאהל געזאגט אז איך האב יעצט קיין געלד נים, איך וועל דיר איין אנדערם מאהל אפ געבין אונ ווער אוים מחותן מיט מיר! (שפאצירט).

**יאנקיל** (געהט אים נאך) ניין, איך וויל אז איר זאלט מיר אים שוין

גֶעבִּין! אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעוַואָרְט דְרַייא חֲדָשִׁים גֶענוּג! אִיךְ קֶען מֶער ניט וַוארְטִין!

**בָּארִים** (שְׁטֶעלְט זִיךְ אָפּ נֶעבִּין בֶּעט) אַז דוּא וֶועסְט זַיין אַ שַׁ[ג]ְן וֶועסְטוּ דָאךְ גָאר נִיט הָאבִּין!

**יַאנְקִיל**, וֶועל אִיךְ אוֹיס זָאגִין!

**בָּארִים**, הָאבּ אִיךְ דָאךְ שׁוֹין אַיין מָאהְל דִיר גֶעוויזֶען וָואס דִיר וֶועט דֶער פוּן אַרוֹיס קוּמֶען!

**יַאנְקִיל**, נֵיין, אִיךְ וֶועל זִיךְ מוֹדֶה זַיין אַז מִיר זֶענֶען בֵּיידֶע שׁוּלְדִיג. וֶועלִין מִיר בֵּיידֶע אַוֶועק גֶעהְן קַאטַארְזְשְׁנֶע!

**בָּארִים**, הָאבּ אִיךְ דָאךְ אָבֶּער גֶעלְד קֶען אִיךְ מִיךְ פוּן קַאטַארְזְשְׁנֶע בֶּעפְרַייֶען אָבֶּער דוּא אָרִימֶער יוּנְג וֶועסְט פֵיינֶערִין אַ קַאטַארְזְשְׁנִיק!

**יַאנְקִיל** (קְרַאצְט זִיךְ אִין קָאפּ. בְּלַייבְּט שְׁטֵיין אִין אַ ווינְקֶעל נִיט וַוייט פוּן טִיר. עֶס קוּמֶען אַרַיין יָאזֶעף, שְׁמוּאֵל זֶרַח, מֵאִיר, אוּנ דָוִד וֶועלְוִויל).

## 22 טֶער אוֹיפְטְרִיט

**יָאזֶעף. שְׁמוּאֵל זֶרַח. מֵאִיר. דָוִד וֶועלְוִויל אוּנְד דִיא פָארִיגֶע.**

**יָאזֶעף** (קוּמְט פְרִיעֶר אַרַיין. קוּקְט צוּם לִינְקֶען זַייט. צוּ דֶער לַאנְגֶער בַּאנְק, צוּ דִיא צְווייא שְׁטוּלֶען, גִיבְּט זִיךְ אַ חַאפּ פַארִין קָאפּ בְּלַייבְּט שְׁטֵיין אוֹיף דֶער שְׁוֶועל מִיט דֶעם פָּנִים צוּם לִינְקְס, שְׁרֵייט:) אָ גָאטְט גְרוֹיסֶער! אָט אִין דֶעם אָרִימֶען שְׁטִיבֶּעלִי וְוֹאוינְט מֵיין טְהֵייעֶר הֲדַסָּה (וַוייזְט אוֹיף דִיא שְׁטוּלֶען) אָט דָאס אִיז אִיר מֶעבִּיל? (בְּרֶעכְט מִיט דִיא הֶענְד) אַ פִינְסְטֶער אִיז מִיר אוּנ בִּיטֶער! דִיא אֵיידְלֶע הֲדַסָּה זָאל שׁוֹין אַזוֹי אוּנְגְלִיקְלִיךְ זַיין? (דִיא דְרַייא פֶערְזָאנֶען זַיינֶע קוּמֶען אָן שְׁטֶעלִין זִיךְ אִינְטֶער אִים, עֶר הֵייבְּט דִיא הֶענְד אִין דֶער הוֹיךְ) אָ גָאטְט גְרוֹיסֶער! רֵייטְזֶעלְהַאפְט זִינְד דַיינֶע וֶוערְק! אִין אַיין מִינוּט הֵייבְּסְטוּ דֶעם מֶענְשִׁין בִּיז צוּם הִימֶעל, אוּנְד אִין אַיין מִינוּט וַוארְפְסְטוּ אִים בִּיז צוּם בָּאדִין!

**יַאנְקִיל** (לוֹיפְט אוּנְטֶער, שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגִין אִים, קוּקְט אִים אִין פָּנִים. טְרֶעט צוּרִיק. שְׁרַייט שְׁרֶעקְלִיךְ:) גְוַואלְד! גְוַואלְד! דֶער טוֹידְטֶער אִיז גֶעקוּמֶען! רַאטֶעוֶועט!





**יָאזֶעף** (גֶעהְט צוּ אִים) הַא! מֶערְדִירֶער! בִּיזְט דָא! (פַּאקְט אִים פַארִין הַאלְדְז:) יֶעצְט זָאלְסְטוּ דַיין סוֹף הָאבִּין! (הַאלְט אִים שְׁטַארְק).

**יַאנְקִיל** (צִיטֶערְט, שְׁרַייט מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת) גְוַואלְד! דֶער מֵת וֶוערְגְט מִיךְ! רַאטֶעוֶועט יוּדֶען! (קוּקְט צוּ דִיא 3 פֶּערְזָאנֶען וֶועלְכֶע זַיינֶען אַרַיין גֶעקוּמֶען מִיט יָאזֶעפִין).

**בָּארִים** (שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגִין יָאזֶעפִין נוּר וַוייט) יָאזֶעף! דוּא לֶעבְּסְט נָאךְ? (בְּלַייבְּט שְׁטֵיין צוּ טוּמֶעלְט).

**יָאזֶעף** (בְּלִיקֶענְד אוֹיף אִים) גָאטְט! וָואס זֶעה אִיךְ? דֶער מֶערְדִיר אִיז דָא? (צוּ מֵאִירִין, וַוייזֶענְדִיג אוֹיף יַאנְקְלִין) הַאלְט אִים דֶער וַוייל דֶעם עֶרְשְׁטִין מֶערְדִיר אוּנ לָאס אִיךְ מִיךְ גֶעהְן אָפּ רֶעכֶענֶען מִיט מַיין צְווייטִין מֶערְדִיר!

**מֵאִיר** (נֶעהְמְט בַּייא אִים צוּ יַאנְקְלִין הַאלְט אִים פֶעסְט).

**יָאזֶעף** (חַאפְּט בָּארִיסִין פַארִין הַאלְדְז) הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעפַּאקְט מֶערְדִיר! יֶעצְט זָאל אִיךְ אִין דִיר רַאכֶע נֶעהְמִין!

**בָּארִים**, נוּר מִיט מַיין טוֹידְט! (שְׁטוּפְּט אִים הַאסְטִיג אָפּ פוּן זִיךְ, עֶר פַאלְט נֶעבִּין דֶער טִיר, בָּארִים לוֹיפְט צוּ צוּם בֶּעט, חַאפְּט אַרוֹיס זַיין רֶעוָואלְוֶוער, פוּן טַאשׁ שִׁיסְט זִיךְ אוֹיס פַאלְט טוֹידְט).

**מֵאִיר** (גִיט אִיבֶּער יַאנְקְלִין שְׁמוּאֵל זֶרַחִין, אוּנ לוֹיפְט צוּ, צוּ בָּארִיסִין).

**מֵאִיר** (בֵּייגְט זִיךְ צוּ אִים צוּ קוּקְט אוֹיף אִים) עֶר אִיז גֶעשָׁאסִין אוֹיף טוֹידְט!

**שְׁמוּאֵל זֶרַח**, בָּרוּךְ דַיַּין הָאֱמֶת!

**דָוִד וֶועלְוִויל**, אַ שֵׁיינֶע אוּנ רֵיינֶע כַּפָּרָה!

**יָאזֶעף**, פַאר כָּל יִשְׂרָאֵל!

**יַאנְקִיל** (וֵויינֶענְד) לָאזְט מִיךְ אָפּ, אִיךְ בִּין גָאר נִיט שׁוּלְדִיג!

**יָאזֶעף** (נֶעמְט אִים אִיבֶּער) זָאג הוּנְד פַאר וָואס הָאט בָּארִים אוֹיף מִיר גֶעשָׁאסִין אִין וַואלְד?

**יַאנְקִיל** (וֵויינֶענְד) כְּדֵי עֶר זָאל חַתוּנָה הָאבִּין מִיט אַייעֶר פְרוֹי, נוּא לָאזְט זְשֵׁי מִיךְ אָפּ וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד אַז אִיךְ בִּין אִין דֶעם גָאר נִיט שׁוּלְדִיג!

**יָאזֶעף**, מִיט מַיין פְרוֹי חַתוּנָה הָאבִּין? נוּא יֶעצְט אִיז מִיר שׁוֹין גָאר נִיט קָשֶׁה!

**יַאנְקִיל**, נוּא לָאזְט זְשֵׁי מִיךְ אָפּ!

**יאזעף**, דיך אפ לאזין? ניין הונד! דוא ביזט געוועזען איין האנד מיט אים!

**יאנקיל**. איך האב דען געשאסין אויף איך?

**יאזעף**, אונ אז דוא ביזט בעשטאנען אז ער זאל מיך שיסען איז שוין גוט? (געהט מיט אים צום בעטיל) אט דא זיץ הונד נעבין דיין חבר דעם מערדיר ביז איך וועל ברענגין פאליציייא! (ער זעצט אים אויף דעם בעטיל נעבין באריסין. יאנקיל פאר שטעלט מיט ביידע הענד דיא אויגען וויינט).

**יאזעף** (קוקט זיך ארום אויף אלע פיר זייטין) מיין גאטט! וויא זשי איז מיין הדסה? פאר וואס זעה איך איר ניט? (געהט צום טיר).

**מאיר** (פארעט זיך נעבין באריסין).

**שמואל זרח** (זעצט זיך אויף דעם קאסטין. דוד וועלוויל נעבין אים).

(אלס יאזעף קומט צו צום טיר קומט אים אנטגעגין אריין פריער הדסה נאך איר מלכה.

## 23 טער אויפטריט

### הדסה. מלכה אונד דיא פאריגע.

**הדסה** (נעבין טיר מיטין פנים צו יאזעפין) מיין גאטט! צו איז שוין מיין אונגליק אזוי גרויס אז מיינע אייגענע געדאנקין זאלין מיך שרעקין?

**יאזעף** (געהט צו איר) איך לעב טהייערי הדסה! ניט שרעק זיך (האלדזט איר) א מיין טהייערי פרוי!

**הדסה** (מיט שרעק) יאזעף! דוא לעבסט?

**יאזעף**. יא מיינע טהייערי איך לעב, אונ מיין מערדיר איז שוין טוידט!

**הדסה** (האלדזט אים אויך) גאטט! איך בין גליקליך! מיין יאזעפין האב איך ווידער בייא זיך!

**מלכה** (טרעט אריין, דער זעהט יאזעפין שרייט:) שמע ישראל!

**הדסה** (געהט צו איר צו, נעמט איר פארין האנד) שרעק זיך ניט טהייערי מלכה יאזעף איז ניט געשטארבין, ער לעבט גאטט זייא דאנק! (געהט מיט איר צו יאזעפין).

**מלכה** (צו יאזעפין) דער הערר מיינער לעבט? געלויבט ביזטו גאטט! (קושט אים דיא האנד) איר בלייבט ווייטער מיין הערר און איך אייער דינסט! (ווישט זיך דיא אויגען).

יאזעף



**יאזעף** (רייכט איר דיא האנד) ניין ליבעס מעדכען, קיין דינסט זאלסטו מער שוין ניט זיין, איך וועל דיר געבין געלד זאלסט הייראטען אונ זעלבסט ווירטהען!

**מלכה** (קושט אים נאכמאלס דיא האנד) איך דאנק אייך מיין הערר פיר אייער גוטעס הערץ!

(**יאזעף** נעמט הדסהן פארין האנד, פירט איר צו צום בעטיל ווייזט איר אן אויף דיא צווייא פערזאנען, מלכה געהט אונטער).

**יאזעף** (צו הדסהן) אט דער וואס ליגט פאר דיינע פיס וואר מיין מערדיר וואס האט אויף מיר געשאסין אין וואלד כדי ער זאל מיט דיר קענין חתונה האבין. אונ יעצט אלס ער האט מיך דער זעהן האט ער זיך אליין דערשאסין. אונ דער וואס זיצט אויפין בעטיל וואר מיט אים איין האנד אויף דעם מארדטהאט!

(**הדסה** מיט מלכהן בייגען זיך אראפ קוקען אויף באריסין.

**מלכה**. באריס וואלדמאן!

**הדסה** (צו יאזעפין) גאטט! באריס וואר דיין מערדיר? (קוקט ארויף) איך דאנק דיר הערר גאטט וואס דוא האסט צו גיהערט יעצט מיין געבעט! איך האב געבעטין אז דער מערדיר דיינער זאל אויך מיט אזא טוידט שטארבין! (צו יאנקלין) אונ דוא יאנקיל האסט געהאט א טהייל אין דעם מערדערייא אונ צום כוף ביזטו נאך געקומען צו מיר מיט ארחמנות פנימול אונ מיר אן געזאגט אז יאזעף איז טוידט?

**שמואל זרח** (געהט צו. צו יאזעפין) שטאטיש זאלסט געוועזען זעהן וויא ער האט זיך נאך געריסען בייא דיא האר אונ געוויינט וויא א קליין קינד ווען ער האט מיר אן געזאגט פון דיין טוידט!

**יאזעף** (צו הדסהן) א הדסה! האסט מיר זייער קלוג געזאגט א מאהל אז עס געבין אויף דער וועלט פילע מענשין מיט פרומע נארווזשנאסטין אונ מיט אינערליכע מערדערישע געדאנקין. פון א זעלכין סארט זעהן מיר יעצט דיא צווייא פערזאנען! (ווייזט אויף באריסען מיט יאנקלין).

**הדסה**, דוא ווייסט מיין מאנן אז דיין מערדיר האט מיך יעצט אויך געוואלט שיסען? ער האט געוואלט אז איך זאל אים מיין האנד געבין צו הייראטען מיט אים, אונ איך האב אים ענטזאגט!

**יאזעף**, דאס איז אויך פון גאטט. אז ער זאל אהער קומען, דיך שיסען וועלי, דוא זאלסט אנטלויפין, איך זאל אן קומען

אונ

אוּנ עֶר זָאל זִיךְ אַלֵיין שִׁיסֶען, אוּם גָאטְט זָאל אִים בֶּעצָאהְלִין מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה !

הֲדַסָּה, וֶוער זָשִׁי אִיז דַיין רֶעטֶער גֶעוֶוען מַיין טְהַייֶערִיר ?

יָאזֶעף (פִּירְט צוּ מֵאִירִין צוּ אִיר) אָט דִיזֶען מַאן הָאסְטוּ הֲדַסָּה מַיין יֶעצְטִיג לֶעבֶּין צוּ פֶערְדַאנְקִין ! דִיזֶער אִיז מַיין בְּרוּדֶער מֵאִיר וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר פִיל מָאהְל גֶעשְׁפְּרָאכִין פוּן אִים. עֶר וַואר מַיין רֶעטֶער !

הֲדַסָּה (רֵייכְט מֵאִירִין דִיא הַאנְד) וִויא גְלִיקְלִיךְ אִיךְ בִּין מִיט אַזַא טְהֵייֶערִין שְׁוָוגִיר ! אִיר הָאט גֶערֶעטֶעט מַיין מַאנְן פוּן טוֹידְט אוּנ מִיךְ פוּן בִּיטֶערִי אוּנְגְלִיקֶען !

מֵאִיר (קְוֶועטְשְׁט אִירֶע הַאנְד) אוּנ אִיךְ בִּין גְלִיקְלִיךְ מִיט אַזַא לִיבֶּע שְׁוָועגֶערִין, וֶועלְכֶע פֶערְדִינְט מַיין וָואלְטְהַאט פִיר זַייא ! (מַאכְט לוֹיז אִירֶע הַאנְד).

הֲדַסָּה (גִיבְּט אַ קוּק אוֹיף דָוִד וֶועלְוְוִלִין, וֶוענְדֶעט זִיךְ צוּ יָאזֶעפִין:) אָט אִיז עֶר דָא דֶער תַּכְשִׁיט וָואס הָאט מִיךְ אָפּ גֶערַאבֶּעוֶועט ! יָאזֶעף ! זָאלְסְט אִים מִיט שְׁטֶעקִינְס פוּן אוּנְז טְרַייבִּין !

יָאזֶעף (קוּקְט אוֹיף אִים) עֶר אִיז נִיט שׁוּלְדִיג, דִיא מוּמֶע הָאט אִים דֶער צוּ אָן גִירֶעדְט.

דָוִד וֶועלְוְוִיל (לוֹיפְט צוּ אִיר צוּא) וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד אַז אִיךְ בִּין גָאר נִיט שׁוּלְדִיג ! (וֵויינֶענְד) הָאט רַחֲמָנוּת לִיבֶּע שְׁוָועגֶערִין טְרַייבְּט מִיךְ נִיט אַ רוֹיס פוּן אַייךְ אִיךְ וֶועל שׁוֹין קֵיין מָאהְל דִיא מוּמֶע נִיט פָאלְגֶען !

יָאזֶעף מִיט מֵאִירִין, עֶר אִיז פֶערְצֵייהוּנְגֶם וֶוערְטְה ! עֶר הָאט דָאךְ מִיט זַיין אֵייגֶענִים שֵׂכֶל דָאס נִיט גֶעטְהוּן !

הֲדַסָּה (ווִישְׁט אִים אָפּ דִיא טְרֶערִין) נוּא שַׁא וֵויין נִיט אִיךְ פֶערְצֵייהֶע דִיר !

דָוִד וֶועלְוְוִיל (קוּשְׁט אִירֶע הֶענְד) אִיךְ וֶועל שׁוֹין מַאכִי אַייךְ תָּמִיד פָאלְגִין !

(פְרַאדִיל קוּמְט אַרַיין גֶעקְלֵיידֶעט אֵיין פַאךְ מִיט אַ שְׁוַוארְצִין שַׁאל אוֹיפִין קָאפּ).

---



# 24 טֶער אוֹיפְטְרִיט

## פְרַאדִיל אוּנְד דִיא פָארִיגֶע.

פְרַאדִיל (לוֹיפְט צוּ צוּ מֵאִירִין פַאלְט אִים צוּ דִיא פִיס) הָאבּ רַחֲמָנוּת מֵאִירִיל טְרַייבּ מִיךְ נִיט אַרוֹיס פוּן מַיין שְׁטוּבּ !

הֲדַסָּה, וָואס הֵייסְט דָאס ?

יָאזֶעף מִיט מֵאִירִין, פַאר אִיר שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִיז דָאס ! מִיר הָאבִּין פוּן אוּנְזֶער פָאטִיר אַ וֶועכְסִיל בֶּעקוּמֶען אוֹיף 10 טוֹיזֶענְד רוּבִּיל, אַלְזָא אִיז דָאס גַאנְצֶע פַארְמֶעג זַיינְס שׁוֹין אוּנְזֶערְס וָוארִין עֶר הָאט נִיט אַזוֹי פִיל גֶעלְד אוּנְז צוּ בֶּעצָאהְלִין, אִים גֶענֶעהְמִין מִיר צוּ אוּנְז אוּנ דִיא מוּמֶע (טַייטִין אוֹיף אִיר מִיט דִיא פִינְגֶער) שְׁטוּפִּין מִיר אַרוֹיס וִויא אַזוֹי זִיא שְׁטֵייט אוּנ גֶעהְט !

דָוִד וֶועלְוְוִיל, אִיךְ קְוֶועל, אִיךְ קְוֶועל ! אַ מִצְוָה !

הֲדַסָּה, מֶערְדֶעבַייא עֶקְסֶעסְטִירְט נִיט עֶווִיג גָאטְט בֶּעצָאהְלְט !

מַלְכָּה, גָאטְט וִויל קֵיינֶעם נִיט שׁוּלְדִיג זַיין !

שְׁמוּאֵל זֶרַח, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וַוארְט לַאנְג אוּנ צָאהְלְט גִיךְ !

פְרַאדִיל (זֶעצְט זִיךְ אוֹיף דֶעם בֶּעט, גֶעבִּיז יַאנְקְלִין, וֵויינְט) הָאט רַחֲמָנוּת קִינְדֶערְלִיךְ, אִיךְ וֶועל שׁוֹין זַיין גוּט צוּ אַייךְ וִויא אַ אֵייגֶענֶע מוּטֶער !

מֵאִיר, אַ נֶעגֶערִין פַערְבַּייט נִיט אִיר פֶעל, אוּנ אַ אִשָּׁה רָעָה אִיר הֶערְץ ! (עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ גֶעגִין אִיר, נֶעבִּין אִים יָאזֶעף מִיט הֲדַסָּהְן, עֶטְוַואס וַוייטֶער, דָוִד וֶועלְוְוִיל מִיט מַלְכָּהן, שְׁמוּאֵל זֶרַח נֶעבִּין מֵאִירִין פוּן צְוֵייטִין זַייט).

מֵאִיר, יָאזֶעף, הֲדַסָּה אוּנְד מַלְכָּה (זִינְגֶען דֶעם לִיד) דָוִד וֶועלְוְוִיל (הֵייבְּט מִיט דִיא אַקְסְלֶען וֶועהְרֶענְד זַייא זִינְגֶען, הוֹידֶעט זִיךְ הִין אוּנְד הֶער בְּרוּמְט אוּנְטֶער) שְׁמוּאֵל זֶרַח (קְנַאקְט צוּ מִיט דֶעם פִינְגֶער שְׁבֵּייכִילְט, בְּרוּמְט אוּנְטֶער).

זֶעהְט אִיר מֶענְשִׁין וָואס עֶס וֶוערְד
דֶער סוֹף פוּן מֶערְדִיר אוֹיף דֶער וֶועלְט
וָואס זַייא דֵיינְקֶען וֶוערְד פֶערְקֶערְט
אוֹיף זֵייעֶרִי קֶעפּ וֶוערְד דָאךְ אָפּ גִישְׁטֶעלְט.

נייער צו מיידעלין יענים זעהט
דער ווערד זעלבסט אליין געטיידט
ווער עס לאזט א מארד־פערפירען
דער ווערד פערפאקט אונטער שטארקע טירען,
ווער עס רויבט פרעמדי געלד
דער בלייבט ארעם אויף דער וועלט

(שטייען אלע מיט דיא פינגער אויף דיא דרייא פערזאנען)
אט אזוי אט אזוי ווערין זייא בעגראבין
אט אזוי אט אזוי וועלין זייא קיין גוטס ניט האבין.

אט אזוי אט אזוי ווערין זייא ביגראבין
אט אזוי אט אזוי
שמואל זבח (טרעט איבער) וועלין זייא קיין גוטס ניט האבין!
דנר וועלוויל אט אזוי אט אזוי ווערין זייא בעגראבין
האלט זיך ווינקט אט אזוי אט אזוי וועלין זייא קיין גוטס ניט הא' ין!

פארהאנג פאלט.

# ענדע

